פ ע ן ־ ב י כ ע ר

איציק מאַנגער

# דעמערונג אין שפּיגל

## ליד און באַלאַדע

ביבליאָטעק פון יידישן פּען־קלוב — ווארשע 1937

Printed in Poland

הילע געצייכנט פון מ. רייף.

P E N - B I C H E R

ICEK MANGER

DEMERUNG in SZPIGL (poezje)

Wydawnictwo: Biblioteka Żyd. PEN-Klubu
Warszawa — — — 1937

Druk. M. Nomberga, Warszawa, Leszno 19.

דער באַנד „דעמערונג אין שפּיגל" שליסט אָפּ אַן אַנטוויקלונג, וואָס האָט געדויערט אַכצן יאָר. די ליניע גייט דירעקט פון דער גאַסן־מיידל־וויזיע אויפן טראָטואַר אין יאַס ביז צום ייד, „וואָס איז דערגאַנגען פון גראָ ביז בלאָ".

אויפן דאָזיקן וועג האָב איך אָנגערירט די געשטאַלטן פון חומש און אַ שטיף געטאָן מיט די מגילה־העלדן. איך באַטראַכט דעם דאָזיקן אָנריר נישט ווי קיין „אָפּנויג" פון מיין ליריש־באַלאַדישער ליניע. די פּאַסטריגתא־געשטאַלט אין די מגילה־לידער איז אַ לעבעדיקער עדות, אַז איך זאָג דעם אמת. דאָס לירישע, וואָס אָטעמט אַרויס פון דעם דאָזיקן שניידערישן ראָמען, באַשטעטיקט עס. די קרומע ליניע האָט געצויגן די מלכּה אסתּר, וואָס האָט זיך נישט דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ יוליאַ.

אויפן פּאָן פון יידישן פאָלקס־ליד און פאָלקס־עפּאָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט די ליריש־עפּישע שטייגערונגען, וואָס שליסן זיך דערווייל אָפּ אין דעם דאָזיקן באַנד.

אַז דער וועג פון אַ יידישן דיכטער איז נישט „באַצירט מיט רויזן" איז איבעריק צו באַווייזן. די שטיי־

נער אין וועג, וואָס קליינע, נישטיקע מענטשן האָבן מיר געלעגט האָבן מיר פאַרשאַפט אַ סך עגמת נפש. מיך אָפט צעטומלט און ערגעצווו טאַקע געהאַמעוועט מיין פאַרמעסט.

איך זאָג עס נישט, כדי זיך אַוועקצושטעלן אין דער פּאָזע פון אַ מאַרטירער — די דאָזיקע פּאָזע איז מיר פרעמד — נאָר כדי זיך צו פאַרענטפערן פאַרוואָס איך האָב נאָך נישט פאַרווירקלעכט מיין לאַנגסטיקן חלום: אַ יידישע קאָמעדיע און אַ יידישע דראַמע. מעגלעך, אַז דער חלום וועט נאָך פאַרווירקלעכט ווערן. די קאָמעדיע־ און דראַמע־געשטאַלטן, וואָס דרימלען אין מיר, וועלן מיך סוף כל סוף צווינגען דערצו.

אַ פּראָפּאָ: די לידער, וואָס זענען געזאַמלט אין דעם דאָזיקן בוך, זענען נישט געאָרדנט כראָנאָלאָגיש, נישט געצטיילט אין ציקלען. די דאָזיקע מעלה און דעם דאָזיקן חסרון האָבן כמעט אַלע מיינע ביכער. זאָלן מיר די, וואָס נעמען עס מיר פאַראיבל, מוחל זיין.

איציק מאַנגער

## דעמערונג

פלאַפּלט דער דוגלער מאָנאַך
צום קראַנקן נאָוועמבער־וואַלד:
די גרויסע דעמערונג גייט,
וואָס איז שוין אַן אייביקייט אַלט.
זי הילט און פאַרהילט און שטילט איין
דאָס ווייב און דעם וואַלד און דעם ווייַן.

זי גייט מיט די שטילסטע טריט,
ווייל זי איז די שטילקייט אַליין,
זי לייקנט דאָס גליק, וואָס איז נאָלד
און פאַרוואַנדלט אַלץ אין געוויין.
זי גלויבט נאָר דעם שלאָף און דער רו
און די אויגן, וואָס מאַכן זיך צו.

קומט אַרויס זי מקבל צו זיין
מיט מידע, געבויגענע קעפּ,
זי ווערט מיט אַ כּישוף־שפּרונג
אַנטבלויזן די בלאָע טרעפּ,
וואָס פירן אַרויף, אַרויף
דורך טרוים און רוים אין אין־סוף.

זי האָט מיך צום נביא געזאַלבט
אין דער זיבעטער בחינה פון טרוים —
וואָס איז דער קלאַנג פון דער זון
אין דער קרוין פונ׳ם עפּלבוים,
אַנטקעגן איר שטילן גייַן,
אַנטקעגן איר טיפן זען?

רויש און ציטער און ברויז —
אַנטדרימלט, אַנטדרימלט שלאָפט איַין!
מורמל פון קינד און פון ווינט —
גייט שטיל אין דער שטילקייט אַריין!
צאַפּל און ציטער און צוק —
צאַפּלט אויס, ציטערט אויס און גענוג.

פלאַטער פון פויגל אין פלי,
זשום און ברום פונ׳ם וואַלד —
די גרויסע דעמערונג גייט,
וואָס איז שוין אַן אייביקייט אַלט.
זי הילט און פאַרהילט און שטילט איין
דאָס ווייב און דעם וואַלד און דעם ווין.

א רגע און צוויי און זי וועט
אַנטפּלעקן איר קיניגרייך:
די ווייסע אינזלען פון רו,
וואָס בענקען פון אייביק צו אייך.
און זענען אַן אייביקייט גרייט
מיט קאַלטער און לויטערער פרייד.

קומט אַרויס מקבל צו זיין
די ווייסע אינזלען פון רו,
גייט באָרוועס און בלינד און באַדאַכט
און זאָגט איינער צום צווייטן: דו!
בליצט אויף, לעשט זיך אויס און שלאָפט איין,
ווי דאָס ווייב, ווי דער וואַלד, ווי דער וויין.

# האַרבסט

קראַנקע נאַכטיגאַלן
הענגען צווישן די צווייגן
און די האַרבסט־נאַכט כּישופט
לבנה־ליכט און שווייגן.

זאָגט דער דאָמב צו דער בעריאָזקע:
כּלה מיינע, כּלה
ס'פיבערט אונזער חופּה־נאַכט
נו, איז מאַלע... מאַלע...

עפּיס אַן איך, עפּיס פיל איך,
עפּיס זיך פאַרלאָפן,
פון דעם נעפּל־קיניגס האַרעם
איז אַ יוני־נאַכט אַנטלאָפן.

א נאַכט מיט בלאָנדע ווייצן־האָר,
מיט ברוינע מאַנדל־אויגן
און צוגעגנבה'ט פון זיין אוצר
דעם שענסטן רעגנבויגן.

שפּינט דער נעפּל־קיניג — אומגליק
מיט די דאַרע פינגער —
אפשר, אפשר וועט דאָס האַרץ
אים ווערן גרינגער.

זיבן ראָבן פליען, יאָגן
נאָך דעם רעגנבויגן —
היט זיך, כלה מיינע, היט זיך
פאַר דעם בליק פון זייערע אויגן.

דעם נעפּל־קיניגס טריבע האָר
פלאַטערן אין טרויער
און די פרייד מיט גאָלדענע אויגן
חיינט אין ווינקל טויער.

זיבן שטאַרקע חינטן יאָגן
נאָך דעם רעגנבויגן —
היט זיך, כלה מיינע, היט זיך
פאַר דעם בליק פון זייערע אויגן.

גראָד אין אונזער חופּה־נאַכט
זיך אַזוינס פאַרלאָפן —
פון דעם נעפּל־קיניגס האַרעם
איז אַ יונגי־נאַכט אַנטלאָפן.

# נאָוועמבער

זיבן זקנות קראַקען אויס: נאָוועמבער!
און אַלע זייגערס פון דער שטאָט הויבן אָן צו קלינגען.
ס'פיבערט מיין גוף נעבן דיר, אַניעלאַ,
הער, ווי שיין די קראַנקע סאָדעס זינגען.
אַ לוויה פליט פאַרביי — נאָך איר אַ צווייטע
די קברים זענען יונג און וואַרטן גרייטע.

אַ קראַנקער ווינט וויינט אין אונזער גאָרטן,
דער לאַמטערן פאַרן הויז ברענט שאַרלאַך־רויט,
מיט זילבערנע חלפים פידעלט אויס דער טויט
אויף פרומע קעלבער־העלדזער זיין ווייסן ניגון.
אין קינדער־צימער וויגן זיך אַליין די וויגן:
די מאַמע איז אַוועק, דאָס שלאָפליד איז געשטאָרבן
צניעותדיק און שטיל — אַן עולה־תמימה־קרבן.

נאָוועמבער. יונגע, שלאַנקע כלות וויינען:
ווו ביזטו גאָלדענער, ווו ביזטו שענסטער?
אַלפאָנסן שאַרן זיך פאַרביי די פענסטער
און אַלטע טאַטעס שמייכלען און זיי מיינען,
אַז די ס גליק איז ערשט פאַרבייגעפלויגן
און זיי גלויבן נישט די אַלטע אויגן.

אַ גראָער וועכטער ברומט צום נאַכט־לאַמטערן:
„גורל מיינער, דאָס ביזטו? פאַרפאַלן!"
אַ קראַנקן־שוועסטער באַנדאַזשירט אַ שטערן,

דאָס איז פֿונ׳ם הימל ערשט אַראָפּגעפֿאַלן.
פֿונדערווייטנס רויש׳ן און פֿאַרקלינגען באַנען
און עגונות אויף פֿעראָנען וואַרטן אויף די מאַנען.

לבנה־גייער בלאָנדזשען אויף די וועגן
און זוכן די לבנה און זיי טאַפּן
מיט איידעלע הענט נאָר אָן דעם קאַלטן רעגן.
כליפּען זיי: ווי צו אונזערע יאָרן!
די נאַכט האָט אָפּגעמעקט פֿון דעם זכרון
די היימען און די שאָטנס און די נעמען
און צו פֿרעגן איז נישטאָ ביי וועמען.

אין תּפֿיסה־צעל וואַרט אַ יונגער מערדער
אויפֿן ערשטן טאָג־ליכט, וואָס וועט ברענגען
די רגע תּענוג פֿון צאַפּלען און פֿון הענגען.
(זיין שאָטן פֿיבערט איצט אַרום די ווענט)
דער יונגער מערדער קוקט אויף זיינע הענט
און וווּנדערט זיך: ווי האָבן זיי געקענט?

זיבן זקנות הוסטן אויס: נאָוועמבער!
און אַלע זייגערס פֿון דער שטאָט הויבן אָן צו קלינגען,
ס׳פֿיבערט מיין גוף נעבן דיר, אַניעלאַ,
הער, ווי שיין די קראַנקע פֿייגל זינגען.
אַ לוויה פֿליט פֿאַרביי, נאָך איר אַ צווייטע,
די קברים זענען יונג און וואַרטן גרייטע.

# די קראָען

אָקטאָבער. אַ דולער פויגל שרייט
דורך דיינע קילע, רעגנדיקע נעכט,
אויפן שאַנד־סלופּ הענגט דער גלויבער אין די שטערן
און מיט שאַרפע ווינטן פּייניקט אים דער קנעכט.
כ׳צינד אָן מיין בלינדן נאַכט־לאַמטערן
און לאָז זיך מיט אַ שטילן ציטער גיין
צום וואַלד, ווו ס׳וויינט די בלאָנדע פרוי
אליין, אַליין און זיבן מאָל אַליין.

די קראָען פלאַטערן — זאָלן זיי פלאַטערן
איבער מיין לעבן און מיין געמיט,
זיי קענען נאָר אַ שיינעם חלום פּטר׳ן,
דעם שענסטן חלום און דאָס שענסטע ליד.
נאָר צו דעם געוויין אין דעם ברוינעם וואַלד
הילט זיך מיר רעדן, ווי צו אַ קינד:
נו שאַ! נו שאַ! נו הער שוין אויף צו וויינען,
אַ שאָר די טרערן פאַר די שטערן און די הינט.

איך קען דעם צער פון אַ טראָפּן גליק געפינען
און קושנדיק עס, וויסן אַז ס׳וועט פאַרגיין,
אָפּט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עמעץ גייט מיט מיר
און כסדר בין איך געבליבן מיט מיין שאָטן אַליין.
פאַר אים וועל איך אַמאָל מיין ווידוי זאָגן,
דעם געקרויזטן חוזק פון מיין ראַנגלען זיך צום ליכט,
און אפשר אין די לעצטע גסיסה־שעה׳ן
וועלן די שטערן קושן מיין פאַרגייענדיק געזיכט.

דערווייל פלאַטערן די קראָען — זאָלן זיי פלאַטערן
איבער מיין לעבן און מיין געמיט,
זיי קענען נאָר אַ שיינעם חלום פטר'ן
דעם שענסטן חלום און דאָס שענסטע ליד.
דערווייל ציטערט אין מיין האַנט דער נאַכט־לאַמטערן
איך גיי און אפשר וועל איך נאָך דערגיין
צו יענעם וואַלד, וווּ ס'ווייַנט די פרוי
אַליין, אַליין און זיבן מאָל אַליין.

# אקטאבער

אָקטאָבער. אויפֿן טונקעלן שליאַך
גיכע, איילנדיקע טריט,
אַ פּאַסטוך שפּילט אויף זיין געוויין:
„העי, חבר, נעם מיך מיט!

איך קען נישט בלייבן מער אין טאָל,
ווען די וואָראָנע פליט
און פּיקט מיט דעם שאַרפן שנאָבל אויס
דאָס סאַמע האַרץ פון ליד״.

נו שאַ, נו שטיל, די טונקעלע טריט,
זיי וועלן באַלד פאַרגיין
און ס׳וועט דער בלאָנדער פּאַסטוך־קאָפּ
שטאַרבן אויף אַ שטיין.

און זי, די קראַנקע פרוי פון וואַלד,
אין שוואַרצע טרויער־שיך,
וועט דרייען זיך אַרום דעם שטיין
און רעדן שטיל צו זיך:

„מיין קינד, מיין חלום און מיין צער,
מיין ווילד־פאַרלוירן קינד,
פאַר זיי בין איך געוועזן — פלאַם,
פאַר דיר אַליין — בלויז ווינט.

כ׳האָב אין דיין בענקשאַפט נישט געגלויבט,
איצט גלויב איך אין דיין טויט —
זע, ווי ס׳בליצט אין מיינע האָר
די האַרבסט־לבנה רויט.

נאָר, נײן, דו קענסט די רויטע ווונד
אין מיינע האָר נישט זען
און ווי אַ שאָטן וועסטו נאָר
דורך מיין זכּרון גיין.

ביז כ׳וועל אַמאָל דערהערן שפּעט
דיינע שטילע טריט
און שליידערן וועל איך מיין געוויין:
— העי, חבר, נעם מיך מיט!

און ס׳וועט דיין שאָטן מיט אַמאָל
ווערן אַ געשטאַלט
און שטאַרבן וועט ביי דיינע פיס
די קראַנקע פרוי פון וואַלד״.

# עקידת איציק

הויג מיך, וויג מיך, בלינדער גורל,
איך חלום מיט אָפענע אויגן,
און זע — אַ גרויסער זילבערנער פויגל
קומט איבערן ים געפלויגן.

וואָס וויל פון מיר דער זילבערנער פויגל,
איין גאָט אין הימל קען וויסן,
אפשר מיין זיידנס קידוש־בעכער
מיט ארץ־ישראל־ווייַן זיסן?

נאָר ווער האָט דערמאָנט מיין זיידנס נאָמען?
אָט שפּאַנט צו מיר דער זיידע,
דער בעל עגלה פון סטאָפּטשעט:
„איציק, ס׳איז גרייט די עקידה".

און זיינע אויגן ברענען אויף מיר,
ווי צוויי האַרבסטיקע שטערן,
זיין גראָע באָרד איז פאַרלאָפן מיט ווינט
און מיט זיבן גרויסע טרערן.

פירט מיך דער זיידע ביי דער האַנט
איבער שטעט און דערפער און גריבער —
די שטעט זענען קליין, די דערפער גרויס
און מיר שפּרייזן איבער זיי אַריבער.

זאָגט דער זיידע: „איציק, געדענקסט —
צוריק מיט אַזויפיל יאָרן —
ווען ס׳האָט זיך דער מלאך צו אונז אַנטפּלעקט
און דו ביזט ניצול געוואָרן ?

איצט האָט ער חרטה, דער אַלטער גאָט
און ער מאָנט ביי מיר דעם קרבן,
כאָטש כ׳האָב שוין אַזויפיל מאָל געלעבט
און בין שוין אַזויפיל מאָל געשטאָרבן.

אַ סוף, אַן עק, איך דאַרף נישט זיין גנאָד
און זאָל ער אין הימל נישט מיינען —
איציק, ס׳איז גוט וואָס דיין מאַמע איז טויט
און זי וועט פאַרשפּאָרן צו וויינען".

פירט מיך דער זיידע ביי דער האַנט
איבער שטעט און דערפער און גריבער —
די שטעט זענען קליין, די דערפער גרויס
און מיר שפּרייזן איבער זיי אַריבער.

# איך – אַ הונט אויף דער קייט בשעת אַ שטורעם

אָונט. טשערעדעס וואָלקנס,
איך — אַ הונט אויף דער קייט —
האַווקע אַרויס פון די וואָלקנס
דעם רעגן. דער רעגן גייט.

טראָפּנס טראָפּן. זיי קילן
מיין הינטיש־צעשויבערטע פעל.
טראָפּ, טראָפּ, טראָפּ—די טראָפּנס
קייקלען זיך שנעל, שנעל, שנעל.

נישטאָ מער די זלידנע פליגן,
די קוויטיקע קינדער פון מיסט,
איך שפּיץ אויףביידע אויערן
שאַרפער, שאַרפער: מען שיסט.

ס׳קייקלען זיך שווערע דונערס
צווישן וואָלקנס און טראַקט,
דאָרט גייען מסתמא פּריצים
מיט זייערע הינט אויף יאַגד.

איך זע, ווי ס׳פליען די האָזן—
ווייסע פינטעלעך שרעק —
און בערן שלעפּן דעם פּחד
אין פינסטערן וואַלד אַוועק.

אַ הירש מיט צעשראָקענע אויגן
פלאַטערט פאַרביי — אַ ווינט.
ער פאַלט. פון זיינע ווונדן
טראָפנט דאָס בלוט און רינט.

איך ניוכע. ס׳שמעקט מיט נבלה.
האַה-האַה! איך ביל פאַר פרייד.
האַוו-האַוו! אַ שפרונג אין דער לופטן,
נאָר די פאַרשאָלטענע קייט

שניידט מיר טיף אין האַלז איין
און לאָזט נישט ווייטער קיין טריט.
איך בייס די קייט מיט די ציינער
און פיל ווי ס׳הייטיקט דער שניט.

סע קייקלען זיך שווערע דונערס,
סע בליצט — אַ ליכטיקע שלאַנג.
איך קריך אַריין אין דער בודע
און וואָיע טיף און לאַנג...

# מיין טויטע באָבע אַנטלויפט פון איר קבר
# אין בעמיש בראָד

ב. וולאַדעקן

איך הער: ס׳שורכען שטילע טריט,
נענטער, נענטער צו מיין בעט.
איך מאַך די אויגן אויף: ס׳איז זי,
די באָבע טויבע פון סטאָפּטשעט.

זי ציטערט טרויעריק איבער מיר
און גלעט מיך מיט אַ מידער האַנט:
„ס׳איז איינִיקל, מיר פרעמד די ערד
דאָרט, וווּ איך ליג, אין בעמיש לאַנד".

איך שטוין: „סטייטש, באָבע לעבן, סטייטש,
ווי קען די ערד אַ מת זיין פרעמד?
די ערד, וואָס נעמט אים ליב אַרום,
אַ שטייגער, ווי דעם גוף דאָס העמד".

זי שמייכלט: „פּלאַפּלסט שטותים, קינד,
די אייגענע ערד, זי ציט צוריק
און אייגן איז נאָר יענע ערד,
ווו ס׳האָט געהוידעט זיך דיין וויג".

זי שטייט און רעדט. איך ליג און הער —
ס׳איז וואָר? און אפשר גאָר אַ טרוים?
און אירע הערטער רוישן שווער,
ווי ס׳רוישט דער רעגן אין אַ בוים.

פון אירע קליידער אָטעמט שאַרף
אַ נאַסער, קאַלטער ווינט פון וועג:
„איז גיי איך שוין פון בעמיש־בראָד
אַ קימאַ־לן פון זיבן טעג".

זי לאַכט: „אָט נעכטן שטעלט מיך אָפּ
אַ יונגער טשעכישער זשאַנדאַר:
— ווייז, מת, די וויזע מיטן פּאַס —
וואָס זאָגסטו נישט צו אָט דעם נאַר?"

זי שווייגט אַ רגע, אָטעמט טיף.
דער זייגער קלינגט. „ס'איז, קינד מיינס, שפּעט.
איך מוז שוין גיין, דער וועג איז הייט
פון וואַרשע ביז קאָלאָ סטאָפּטשעט".

זי עפנט אויף די טיר, זי ווינקט:
„נו, זייט געזונט!" און איז נישטאָ.
כ'דריי אויס דאָס פּנים צו דער וואַנט
און פיל דאָס פענסטער דעמערט בלאָ.

# פאַרנאַכט

זיצן צוויי אַלטע לייט
ביים זונפאַרגאַנג,

זאָגט דער אלטער: „גאָלדע, דו זעסט,
מיין שאָטן איז לאַנג,
א קאַפּעטשקע לענגער ווי דיינער".

וואָרטשעט די אַלטע; „אַלטער נאַר,
כ׳גיי אַ געוועט, וואָס גיסטו דערפאַר,
אַז מיינער איז לענגער, מיינער".

שמייכלט דער אַלטער: „יידענע, עט,
ווערסט נאָך פאַרשפילן דאָס געוועט,
דערנאָך וועסטו וויינען".

כעסט זיך די אַלטע: „לעקישבער,
זאָג, ווער וועט דאָס וויינען, ווער,
מען קען נאָך מיינען..."

שמייכלט דער אַלטער: „נו, אַ סוף,
לאָמיר-זשע מעסטן, הויב זיך אויף,
ס׳זעט נישט קיינער".

„קיינער נישט, נאָר דער שבת-גוי,
און בערעלע באַס און יאָסעלע פלוי,
און נאָך אַן איינער".

זיי מעסטן. נישט גוט. איז נאָכאַמאָל:
„מיין שאָטן איז לענגער מיט אַ צאָל,
בע, אַלטעטשקע, בע".

„ניין, מיינער איז לענגער, צי זעסטו ניט,
דו אַלטער תּרח, דו בלינדער ייד,
בע, אַלטיטשקער, בע".

„טאָ לאָמיר־זשע פרעגן דעם פּאָעט,
וואָס שטייט דערביי און קוקט און זעט:
וואָס זאָגסטו? זאָג!"

שיין איז דאָס שפּיל פון אַלטע לייט,
וואָס מעסטן די שאָטנס אָסיען־צייט,
ביים ראַנד פון טאָג.

# POMONA

סעפּטעמבער. אָרעמע קינדער אין גאַס
שפּילן זיך מיט האַרבסטיקע פאַרבן
און ווייסן נישט, אַז די מאַמעס אין שטוב
קענען אַ יעדע רגע שטאַרבן.

זיי קריכן אַרויף אויף אַן עפּלבוים
און רייסן אָפּ די צייטיקע עפּל,
זיי לאַכן, ווען דער סעפּטעמבער־ווינט
פאַרהויבט אַ סטענדל, צעשויבערט אַ קעפּל.

דער אָוונט טונקלט אונטן אין גאַס,
די מידקייט באַגלייט אַהיים די טאַטעס,
זיי עסן אָפּ די קאַרטאָפל־זופּ
און ווערן אַנדרימלט פאַר די כאַטעס.

צעשויבערטע מאַמעס רופן אַהיים
די קינדער פון סאַמע שענסטן שפּיל,
דער קלויסטער טונקלט אויפן בארג,
אַ האַלבע לבנה היט אָפּ די מיל.

נאָר אויבן, אויפן שפּיץ פון בוים,
זיצט אַ יינגל. די אָוונט־זון
צינדט אָן זיינע קליידער און די האָר
און דאָס יינגל ווייסט נישט דערפון.

די מאַמע יאָמערט אונטן אין גאַס:
„ראַטעוועט, יידן, ווייי און ווינד —
דאָרטן, דאָרט, אויפן עפּלבוים,
ברענט און שרפהט מיין קינד".

וואַסער! — פענסטער פּראַלן אויף,
יידן לויפן אַראָפּ די טרעפּ,
ווייבער, קינדער, אַ יעדער טראָגט
וואַסער אין ערדענע קרוגן, טעפּ.

„ווו?" — „מען זעט נישט" — „דאָרטן, דאָרט!"
געשטאַלטן ציטערן, אָטעמען קוים
און הערן נאָר, ווי דאָס ייִנגל וויינט
אַראָפּ פון פאַרלאָשענעם עפּלבוים.

# ל י ד

אָוונט. דער אָהנטבוים
טונקלט אין פענסטער,

מיידלישער פליסטער אין טרוים:
— גאָלדענער, שענסטער...

מיידלישער פליסטער אין טרוים,
הייליקער ביטער —

אַזוי ווי אַ פויגל אין שטייג,
אַזוי איז מיר ביטער.

אַוועק איז מיין חתן פון הי
אויף מיילן און מיילן,

זאָג, מאַמע, דעם בריווטרעגער-ווינט,
ער זאָל זיך צוּאײלן.

זאָג, מאַמע, דעם בריווטרעגער-ווינט,
ער זאָל אים דעריאָגן,

געשווינדער, געשווינדער, געשווינד
די ווערטער אים זאָגן:

די ליבע, וואָס וואַרט אומזיסט,
ווערט אָן אַלע פאַרבן,

די ליבע, וואָס גאַרט אומזיסט,
מוז יונגערהייט שטאַרבן.

## איין קעסטליך ליד צום זינגען פון רב שלמה פון פראָגן

איך בין דער לוסטיק, פריילִיך ייד,
גיגאַנט רב שלמה פון פראָגן
און וויל אייך, מיינע ליבן לייט,
פיל היפשע דינגען זאָגן.

נון מעכט איך, אָבער אַלערערשט,
איין גלעזכען יין האָבן,
איין גלעזכען רויט בורגונדער־וויין
און מיינען גומען לאָבן.

דער וויין, איז גאָר איין קעסטליך דינג,
ער טעט אונז אל דערמייען,
איין וואקער מאַן דער גייט צום וויין,
אלס איינע מייד צום פרייען.

איין וואקער מאן דער גייט צום וויין,
אלס איינע מייד צום רייגן
און טרינקט ער איינען בעכער וויין,
דא קאָן ער נימער שווייגן.

איין נעריש מאַן, דער לאכט און ווינט
און מאכט דעם וויין צו שאַנדן
און נארן פינדט מאַן הי אין פראָג,
ווי אין הינער־בערגן־לאנדן.

איין חכם־מאַן, דער זיצט גאָר שטיל
און טרינקט פאָר אַלן דינגען,
ביז די פרייד, די שעלמיש מייד,
אַנפאַנגט איין לוסטיק זינגען.

און דער דאָ מאַכט דעם ווײַן צום ליד
דער קאָן איין דאַנק באַגערן,
דער ליבער גאָט מאג זעלביג ליד
אין זײַנען הימל הערן.

און דער דאָ מאַכט דעם ווײַן צום ליד
און טרינקט און זינגט מיט פריידן,
דער פינדט נאָך זײַנען וואַנדער־וועג,
איין אָרט אין דעם גן־עדן.

# אַלטע פּרייוילינס

סעפּטעמבער. אַלטע פּרייוילינס
שפּאַצירן אַרום אין פּאַרק
און וואַרפן בליקן צום מאָנאַסטיר,
וואָס טונקלט אויפן באַרג.

איטלעכע טראָגט אויפן האַרצן
אַ צלמל פון גאָלד
און יעדע שווייגט אין זיך אַריין:
אַזוי האָט גאָט געוואָלט.

זיי ציטערן נאָר, ווען זיי הערן
דאָס וויינען פון אַ קינד,
בעת אַ בלאָנדער שטערן
שפּילט זיך מיטן ווינט.

וואָס מער דער אָוונט ווערט טיפער,
ווערן נערוועזער זייערע טריט,
זיי גייען אַהיים און נעמען
אין זייערע קליידער מיט:

דעם ריח פון געשניטענע גראָזן
און דאָס דינע געוויין
פון אַ קינד, וואָס איז פאַרבליבן
אין שפּעטן פּאַרק אַליין.

אויף יעדער וואָרט אַ קעצל
מיט אַ בלאָען באַנד,
וואָס לעקט פּאַר אַ שיסעלע מילעך
דער באַלעבאָסטע די האַנט.

אין ווינקל שטייט די איקאָנע,
אַ פֿורפֿורן קאַניצל ברענט,
ביי די פיס פון דער הייליקער מאַמע,
וואָס האָט דעם צער פון קינד דערקענט.

ברויט און פּוטער און קאַווע
עסן זיי אָוונט־ברויט,
אינדרויסן רוישן די ביימער
דעם ווייסן ניגון פון טויט.

זיי ליגן זיך אין די בעטן
און שלאָפן פּאַמעלעך איין,
בליצט אויף אין זייער חלום
אַ גאָלדענער שטערן־שיין.

גייען זיי נאָך דעם שטערן,
וואָס ווינקט און כישופט: גליק!
און קניען אין וואַרעמע שטאַלן
פאַר דער הייליגער וויג.

# סאָנעט

פאַראַנענען רגע׳ס — טיפער פאַרן וואָרט
און ווייל זיי קענען קיין לשון נישט געפינען,
גייען זיי דאָס רוב אַראָפּ פון זינען
און זייער שיינקייט וואַנדלט זיך, ווערט מאָרד.

האָרך! דו הערסט? זיי ציטערן, זיי שוועבן
שטילער פונם שטילסטן אָונט־ווינט —
און יעדע רגע איז אַ קיסר־קינד,
וואָס האָט די קרוין דעם אָונט אָפּגעגעבן.

שטיי אויף פּאָעט! פאַרנעם דיין פליכט. די קרווינען,
זיי זענען דיינע. לאָז זיי נישט פאַרוויאַנען
אין שטומע קברים, ווו די טויטע ווינען.

הייס שנעל דאָס פליגל־פערד׳ דאָס פלינקע, שפּאַנען,
זינג אויס די שיינקייט פון פאַרלוירענע קרווינען!
און זיי, די געטער, וועלן דיך באַלוינען.

# אויף דער סטאַציע קאָלאָמיי

אויף דער סטאַציע קאָלאָמיי
צווישן אַ גאַנצער ערה,
שטייען געהוויקערט שאָטנס צוויי,
מיין באָבע און מיין זיידע.

זאָגט דער זיידע: „שיינדל, דו הערסט
— און זיינע אויגן ברענען —
אונזער אייניקל קומט צו גאַסט,
ווי אַזוי וועלן מיר אים דערקענען?

ווייל ווען כאָטש האָט זיין חיג געחידגט
זענען מיר שוין ביידע געלעגן
אונטער די גראָזן, אונטערן ווינט
אויף יענער זייט פון די וועגן".

שמייכלט די באָבע, אין אירע הענט
ציטערט אַ בינטל בלומען —
ברומט דער זיידע: „בהמה, צו וואָס
האָסטו דאָס מיטגענומען?"

זאָגט די באָבע: „כ'האָב, איציק קרוין,
די בלומען אין פעלד אָפּגעריסן,
ס'איז אַ מאָדע ביי היינטיקע לייט
אַזוי אַ גאַסט צו באַגריסן."

זיך שווייגן, ס׳שרייט אַ לאָקאָמאָטיוו
„צי קומט ער? צי וועט ער קומען?״
און אין דער באַבעס דאַרע הענט
ציטערט דאָס בינטל בלומען.

„דאָס אייניקל, זאָגט מען, איז — אוי־וואַ!
אַ וואַזשנע קנאַקער אין גראַמען,
אין זיינע גראַמען ציטערט און וויינט
די נשמה פון זיין מאַמען״.

די באַבע דרייט אַוועק דעם קאָפּ
מיט עפּיס איבערגענומען.
די באַבע וויינט, אין אירע הענט
ציטערט דאָס בינטל בלומען...

# זעלבסט־מאָרד

מיטן־נאַכט. אין צימער פון האָטעל
ער באַטראַכט דעם ברוינינג און דעם בריוו.
„גורל מיינער!” ער אָטעמט שווער און טיף,
די שאַנסן לויערן ביי דער שוועל.

„ווערסט מיר קויפן מאָרגן, ליבסטער, זאָג...”
א פּאָרל פלוידערט ליגנדיק אין בעט
אין צווייטן צימער. און ווי פראָסט מען רעדט
פון דער ווייטער, ווייסער לעגענדע: טאָג.

ער שטייט און האָרכט א טיפע רגע לאַנג
און טיף אין אים דעמערט א געדאַנק
פראָסט און פשוט: ליכט און ברויט.

ער פּוליעט זיך פאַרצווייפלט צו דער וואַנט,
נאָר ס'האָט די אייגענע רעכטע האַנט
איין מאָל פאַר אַלע מאָל געמשפּט : טויט.

## ליד

כ׳זינג דאָס געזאַנג פֿון זונפֿאַרגאַנג
און הער —
אין קוזשניע, ביים שמידער יאָסל בער,
קלינגט דומפּ און שווער
דער האַמער־קלאַנג.
ביים שניידער שטעפּט מען נאָך אויף דער מאַשין,
זיין טאָכטער חלומט פֿון איר גראַף אין ווין
און זיפֿצט אָפּ שווער.
און איבער די גאַסן מאַרשירט דאָס מיליטער.

כ׳זינג דאָס געזאַנג פֿון זונפֿאַרגאַנג
און טראַכט —
וואַנדערער, וואָס קומען אָן פֿאַרנאַכט,
שמייכלען ביטער, ווען זיי הערן
ווי מאַמעס שלעפֿערן די קינדער איין
מיט איי־ליו־ליו און לבנה־שיין,
מיט מעשׂות וועגן בערן
און זעען נישט די געטרייע האַנט,
וואָס צינדט אין די פֿענסטער אָן די שטערן.

כ׳זינג דאָס געזאַנג פֿון זונפֿאַרגאַנג
און ווייס —
פֿאַרנאַכט ווערן מענער מאָדנע גוט
און ווייבער ווערן גיפֿטיק, פֿרעך און הייס,

און הורן צינדן די פּאָנאַרן אָן
און לייגן זיך מיט יעדן איינעם שלאָפן,
מיט זעכצן־יעריקע און אַלטע לייט,
און בעטן גאָט, ער זאָל זיי נישט באַשטראָפן.

כ׳זינג דאָס געזאַנג פון זון־פאַרגאַנג
און וואַרט —
אַלטע בריוו־טרעגער מיט פראַנק־יאָזעף־בערד
קלאַפּן אין די טירן שווער און האַרט
און ווייסן נישט, אַז ס׳האָבן זיך געהאָנגען
אַלע, וואָס האָבן אויף די בריוו געוואַרט
מיט אַ רגע פריי׳ר:
איינער אויפן פענסטער, דער צווייטער אויף דער טיר,
דער דריטער — אויפן זונפאַרגאַנג.
שווייגן די בריוו־טרעגער טיף און לאַנג,
שאָקלענדיק די ווייסע קעפּ פאַרטראַכט
און אַלע לייגן די פאַרשפּילטע בריוו
אַוועק צופוסנס פון דער נאַכט.

## לאָמיר־זשע זינגען

לאָמיר־זשע זינגען פּשוט און פּראָסט
פון אַלץ, וואָס איז היימיש, ליב און טייער:
פון אַלטע בעטלער, וואָס שעלטן דעם פּראָסט
און פון מאַמעס, וואָס בענטשן דאָס פייער.

פון אָרעמע כּלות, וואָס שטייען מיט ליכט
פאַר בלינדע שפּיגלען שפּעט ביינאַכט,
און יעדע זוכט דאָס נאָענטע געזיכט,
וואָס האָט איר ליבע אויסגעלאַכט.

פון גורל־וואַרפער, וואָס רעדן פאַרשטעלט
און נאַרן די לעצטע גראָשנס אויס
ביי עגונות, וואָס שעלטן די וועלט,
און גייען דורך הינטער־טירן ארויס.

פון דינסטן, וואָס האָרעווען ביטער־שווער
און באַהאַלטן דעם בעסטן ביסן
פאַר די זעלנער, וואָס קומען ביינאַכט,
די באַלעבאַטים זאָלן נישט וויסן.

לאָמיר־זשע זינגען פּשוט און פּראָסט
פון אַלץ, וואָס איז היימיש, ליב און טייער:
פון אָרעמע מאַמעס, וואָס שעלטן דעם פּראָסט
און פון בעטלערס, וואָס בענטשן דאָס פייער.

פון מיידלעך, וואָס וואַרפן זומער־צייט
ממזרים הינטער פרעמדע טירן
און ציטערן פאַר מונדירטע לייט,
וואָס קענען דערפאַר אין תפיסה פירן.

פון קאַטערינקעס, וואָס סקריפען שווער
פרייטיק בייטאָג, אין אָרעמע הויפן,
פון גנבים, וואָס האָבן פאַרפאַסט,
און מוזן איבער די דעכער אַנטלויפן.

פון שמאַטע־קלויבער, וואָס גראַבלען אין מיסט,
און מיינען: זיי וועלן אַן אוצר געפינען,
פון דיכטער וואָס האָבן געגלייבט אומזיסט
די שטערן — און זענען אַראָפּ פון זינען.

לאָמיר־זשע זינגען פשוט און פראָסט
פון אַלץ, וואָס איז היימיש, ליב און טייער:
פון אַלטע לייט, וואָס שעלטן דעם פראָסט,
און פון קינדער, וואָס בענטשן דאָס פייער.

## סעפּטעמבער גאָלד

סעפּטעמבערגאָלד. איך, דער אָרעמאַן,
וואָס האָב דיך אומגעריכט געפונען,

זינג צו דיר און וויין פאַר פרייד
און לאָז די טרערן מיינע רינען.

אַ לעבן געגאַרט נאָך אָט דעם בלענד
און מיטאַמאָל איז עס געוואָרן,

איך שאַר די הויפנס מיט די הענט —
אַ טרייסט פאַר אַלע מיינע יאָרן.

סעפּטעמבערגאָלד. ווי אַ האַרפּאַגאָן
וועל איך דיך היטן און באַהיטן,

דו, גרויסער שכר דעם אָרעמאַן,
פאַר דעם וואָס ער האָט אויסגעליטן.

מען טומלט שוין. אָט שאַרן זיך אַריין
אַ מחנה ווינטיקע רעפּאָרטערן,

אינדרויסן, די צילינדערס אין די הענט,
וואַרטן מיך אָפּ די מיליאָנערן.

און ווייבער, ווייבער פלאַטערן פאַרביי
און יעדע שמייכלט ווי זיבעצן אַפּרילן

עקסעלענק... נו יאָ... זי ווייסן שוין...
זעלבסטפאַרשטענדליך, ווען זי ווילן..

פּאָעטן מיט אויסגעדרייטע שיך
שטייען פאַר מיר הכנעהדיק געבויגן,

די לידער זייערע לעקן מיך ווי הינט,
נאָר אין די כיטרע, טראַכטאָמע אויגן

פינקלט מיין גאָלד.מיין סעפּטעמבערגאָלד.
איך פיל, איך ווייס, מען דאַרף אנטלויפן.

איך כאַפּ דעם אוצר, שפּרינג דעם פּלויט אַריבער
און ווי אַ שטורם איבער פרעמדע הויפן

טראָג איך זיך אוועק צום וואַלד. אַוועק.
באַהאַלטן זיך אין איינער פון די היילן

און דאָרט מיין גאָלד, מיין סעפּטעמבערגאָלד,
מיט ציטערנדיקע פינגער איבערציילן.

## לעגענדע

סעפּטעמבער. דאָס ציגיינער־מיידל
פּלאַפּלט צום ווינט:

„כ׳בין אַנטלאָפן, פריצ׳ל געטרייער,
פון דעם מאַטנס היימישן געצעלט,
געלאָזט די ברידער זינגען אַרום פייער
דאָס שיינע ליד פון יאַנושאָק דעם העלד
און איך אליין בין, פריצ׳ל, געשווינד
פאַרקראָכן צום ערשטן ייד אין שייער
און דאָרטן געבוירן מיט ווייטיקן דאָס קינד."

פיבערט דער ווינט: „הם... הם... משעקאַווע —
דו ביזסט געגליכן צו דער מוטער חוה,
זאָל זשע זיין נאָמען הייסן — קין.

היידאַ, קלעזמער, גענומען די כלי־זין!"

טשירקען די גרילן אין די פייכטע גראָזן,
די זילבערנע קלעזמער פונם סטעפּ,
אַ מנין יידן מיט געקרויזטע פּאות
נידערן אַראָפּ פון די לבנה־טרעפּ.
„מזל־טוב!" ס׳פלאַטערן די פּאָלעס,
אַ ראָד, אַ טענצל ביזן טאָג אריין.

ציטערט דאָס מיידל מיטן קינד אין אָרעם
גרויס און זינדיק אין לבנה־שיין.

„קין, מיין בכור! קין מיין קינד!"

פיפּערט דער ווינט:

„הער, איך זאָג צו דיר, אַזוי צו זאָגן,
איידער דער טאָג הויבט אָן צו טאָגן
גיי, מוטער חוה, גיי אויף גאָטס באַראָט,
קלויב אויס דעם בעסטן זעלנער פון דער שטאָט
און ליג מיט אים ביז דו וועסט געבערן
דאָס צווייטע קינד מיט ווייטיקן און טרערן.
א יעדער קין מוז האָבן וואָס צו טויטן —

גיי, דער הימל נעמט זיך רויטן..."

# איין נײַ שיין ליד פֿון אײַזיק וואַליך ווירמײַסן

נוּן וויל איך זינגען איין לוּשטיק ליד,
שפּריכט אײַזיק וואַליך ווירמײַסן.
בעפֿאָר עס ווירד דער מלאך המות
מיך פֿוּן דער ערדן רײַסן.

בעפֿאָר עס ווירד דער מלאך המות
מיך פֿוּן דער ערדן פֿירן,
וויל איך שפּאַסן נאָך איין ווײַל
מיט אײַנער הִיפּשן דירן.

די ליבּ איז גאָר איין לוּשטיק דינג
מיט לײַכטן זין אוּנד זינדן,
זי שפּילט מיט אַלן בּלינדע־קוּ
אוּן לאָזט זיך שווערליך פֿינדן.

זי גוּרט אַלס אײַנע טוּיבּ אַלהי
אוּן צישט אַלס אײַנע שלאַנגען.
אוּן איבּער דײַנען לײַב אוּן מי
איז דיר דײַן טאַג פֿאַרגאַנגען.

דוּ בּליקסט הינײַן אינס אָוונט־רויט:
ווּ איז די ליבּ פֿאַרפֿלויגן?
די שאָטן־פֿילצל שטרײַכלען דיר
די טרען אויס דײַנען אויגן.

דו ציטערסט אַלס איין קינד אין וואַלד,
דאָס הערט זיין הערצכע שלאָגן
און מעכסט צום זעלביק טראָסטע דיר
אַלס צו דען בוימערן זאגן:

די ליבּ איז גאָר איין אַרטיק דינג
און האָט גאר קיינע זינדן
און פינדסט דו זי ניט אויף דער ערד
ווירסט דו זי אַנדערש פינדן.

נון האָט דאָס שיינע ליד איין ענד
דאָס פון דער ליבּ געזונגען
און אַלס עס אייזיק קיטל מאַכט
איז עס מיר אויך געלונגען.

# צווישן סטאָפּטשעט און קאָלאָמיי

צווישן סטאָפּטשעט און קאָלאָמיי
(אַ, שטילע פּרייד פון מיינע קינדער־יאָרן)
דער זיידע זיצט אויף דער קעלניע און שווייגט —
וויאָ, קאַשטאַן, וויאָ! און מיר פאָרן.

די יונגע ווערבעס פאַזע וועג,
ציטערן פרום און שווייגן —
איך זע, אַן אַלטע ווערבע געבוירט
די לבנה צווישן די צווייגן.

„מזל טוב זיידע!" דער זיידע שווייגט,
די פערד לויפן שנעלער, שנעלער —
מיר חלומט זיך שוואַרצע יאַגדעס מיט שמאַנט
אין אַ ווייסן לבנה־טעלער.

דער זיידע שווייגט. ס'פּלאַפּלט דער ווינט
פון וועלדער, בערג און היילן,
דער זיידע איז אַלט, דער ווינט איז יונג
און האָט אַסך צו דערציילן.

איך דרימל און הער. די לבנה איז גרויס,
די וועגן ליכטיק ווי שניי —
ווו זענען די פערד? דער זיידע לויפט
צווישן סטאָפּטשעט און קאָלאָמיי.

# צוויי שוועסטערלעך

צוויי שוועסטערלעך ליגן אין בעט,
פלאַפּלט איינע און רעדט —
אַ שטייגער וואָס!

„דער הימל איז בלאָ
און גרינן דאָס גראָז —
ס׳אַראַ פאַרב האָט די ליבע?״

פליסטערט די צווייטע קוים;
„כ׳האָב זי געזען אין טרוים,
נאָר כ׳האָב פאַרגעסן.״

צוויי שוועסטערלעך ליגן אין בעט
פלאַפּלט איינע און רעדט:
„שוועסטערל, הער!

ביטער די קאַרש, דער האָניג זיס,
געזאַלצן די טרער —
ס׳אַראַ טעם האָט די ליבע?״

פליסטערט די צווייטע קוים;
„כ׳האָב אים געפילט אין טרוים,
נאָר כ׳האָב פאַרגעסן.״

און מיר, דעם פּאָעט, איז א שאָד,
װען ס'וואָלטן די שוועסטערלעך גראָר
געוועזן געדענקען —

האָלט איך אייך, ליבע פריינט,
א שענער לידל היינט
געטון טון שענקען.

## היידל, דידל, דאַם

לאָמיר זינגען דאָס שיינע ליד
היידל, דידל, דאַם —
פֿליט די גאָלדענע פּאַווע
איבערן שוואַרצן ים.
און טראָגט אַ ליבע־בריוועלע,
אַ ראָזע ליבע־בריוועלע,
פֿאַר דעם רבינו תּם,
פֿאַר דעם רבינו תּם.

ווער האָט געשריבן דאָס בריוועלע?
היידל, דידל, דיי —
געשריבן האָט דאָס בריוועלע
די מלכּה פֿון טערקיי.
געשריבן עס מיט רויטער טינט
און פֿאַרחתמ׳עט עס געשווינד
מיט הייסע טרערן דריי,
מיט הייסע טרערן דריי.

וואָס שטייט געשריבן אין בריוועלע?
היידל, דידל, דו —
„ראַבי אָ איך ליבע דיך,
וואָסזשע שווייגסטו, נו?
איך עסע ניש׳ און טרינקע ניש׳
און ווער צעזעצט פֿון בענקעניש
און האָבע נישט קיין רו,
און האָבע נישט קיין רו.

וואָסזשע טוט רבינו תּם?
היידל, דידל, דע —
ער קראַצט די פּאות און די באָרד
און מאַכט דריי מאָל „פּע“.
און דאָס ציגעלע אין שטאַל,
ס׳הייליקע ציגעלע אין שטאַל,
העלפט אים אונטער „מע“.
העלפט אים אונטער „מע“.

נו און זי, די רביצין?
היידל, דידל, דווי —
זי קלאַפּט אים מיטן וואַלגערהאָלץ
און זאָגט צו אים אזוי:
„שיקסעס ליגן דיר אין זין,
נו און יאָך, און יאָך ווו בין?
דיין הייס געליבטע פרוי,
דיין הייס געליבטע פרוי.

טרעפט ווער ס׳האָט דאָס ליד געמאַכט,
היידל, דידל, דאַם —
אַ שניידער־יונג האָט עס געמאַכט
צו להכעיס דעם רבינו תּם.
שבת צווישן טאָג און נאַכט
און ס׳האָט אַ לך אַריינגעלאַכט
אַקוראַט צום גראַם,
אַקוראַט צום גראַם.

# באַלאַדע

צוויי בלייכע יידישע קינדער
שמייכלען אין אָוונט אַריין,
גוים זויפֿן אין מאַטנס שענק
בראָנפֿן, ביר און ווייַן —
און די האַק אין גאַרטל לויערט...

זאָגט איין קינד צום צווייטן
„זע מירעלע, מיר דאַכט,
אַז אין גלח׳ס גאָרטן
איז שוין געוואָרן נאַכט.
די האַק אין גאַרטל לויערט...

דורך די שלאַנקע טאָפּאָליעס
קריכט אַ ניפּטיקער ווינט
און ס׳בליצן דער נאַכט אַנטקעגן
די שאַרפֿע ציין פֿון הינט.
די האַק אין גאַרטל לויערט...

אַ פּאַסטוכל טרייבט זיין סטאַדע
אויף רו אַהיים אין שטאַל
און אין זיין פֿייפֿל כליפּעט
אַ קראַנקע נאַכטיגאַל.
די האַק אין גאַרטל לויערט...

„אוי, האָט אונז דער פּריק געשמיסן
מיט ריטער לאַנג און דין,
דער אַלטער מאַש וואַסילע
איז אַזש אַראָפּ פון זין.
די האַק אין גאַרטל לויערט...

און פּעטרע אַ לוי גיצע
האָט זיך געהאָנגען אין שטאַל" —
אַזוי כליפּעט אין פּאַסטוכס פּייפל
די קראַנקע נאַכטיגאַל —
און די האַק אין גאַרטל לויערט...

צוויי בלייכע יידישע קינדער
שווייגן אין אָוונט אַריין,
גוים זויפן אין טאַטנס שענק
בראָנפן, ביר און וויין —
און די האַק אין גאַרטל לויערט...

זע, מירל, דאָרט ביים ברונעם
דעם היטערס טאָכטער שטייט
און שיט אויפן אַש־גראָען ווינט
שטילע טרויעריקע רייד.
די האַק אין גאַרטל לויערט...

„איך מוז... איך מוז... איך קען נישט —
נו, מאַמעשי, זייַ געזונט
דער פּריק האָט אויך מיר געהויערט
ביינאַכט אַזוי ווי אַ הונט."
די האַק אין גאַרטל לויערט...

זי בויגט זיך איבערן ראַנד אַריבער
און פאַלט אין ברונים אַריין
עדות: צוויי יידישע קינדער
און אַן אַלטער מאָכיקער שטיין.
די האַק אין גאַרטל לויערט...

צוויי בלייכע יידישע קינדער
שווייגן אין אָוונט אַריין,
גוים זויפן אין טאַטנס שענק
בראָנפן, ביר און ווייַן —
און די האַק אין גאַרטל לויערט...

אַ טונקל־גראָער וואָלקן
פלאַטערט פאַרביי אַזוי מיד.
וואָלקן — אַן אָפגעהאַקטער
קאָפּ פון אַ ייִד.
די האַק אין גאַרטל לויערט..

ציטערן ביידע קינדער
און האַלטן זיך ביי די הענט,
זיי האָבן אין דעם וואָלקן
דעם טאַטנס קאָפּ דערקענט·
די האַק אין גאַרטל לויערט...

צוויי בלייכע יידישע קינדער
ציטערן אין אָוונט אַריין,
גוים זויפן אין טאַטנס שענק
בראָנפן, ביר און ווייַן —
און די האַק אין גאַרטל לויערט...

בוקאַרעשט, סעפּטעמבער 1934

# אײן שײן ליד פון אײן האָרבאַטע שנײדערל

מאַכט דאָס האָרבאַטע שנײַ.יערל „בים"
און וואַרפט מיט דער נאָדל גיך
אין ווינקל ווײנט דאָס קאַסאָקע װײַבל,
אַלעמאַל זי האָט נישט קײן שיך.

מאַכט דאָס האָרבאַטע שנײדערל „באָם"
און איז זיך מלא פרײד,
ווײנט אין ווינקל די עלטסטע מויד,
אַלעמאַל זי האָט נישט קײן קלײד.

מאַכט דאָס האָרבאַטע שנײדערל: „מע"
להבדיל ווי אַ באָק,
ווײנט אין ווינקל דער עלטסטער יאַט,
אַלעמאַל ער האָט נישט קײן ראָק.

מאַכט דאָס האָרבאַטע שנײדערל „בים"
און בלײַבט זיצן ווי אַ תּם,
ווײנט אין וויג דאָס מיזיניקל,
אַלעמאַל ס׳האָט נישט „האַם".

מאַכט דאָס האָרבאַטע שנײדערל: „באַם"
און שיקט דעם לערן־יונג
אײנס און צוויי אין לאָמבאַרד אַרײַן
פאַרזעצן דעם קדושין־רינג.

און נאָכאמאָל „בים“ און נאָכאמאָל „באָם“
און די זילבערנע נאָדל פליט
און איבער דער קליינער שניידער־שטוב
זשומעט דאָס שיינע ליד.

די קאַסאָקע שניידערקע זינגט „בים, באָם“,
דאָס האָרבאַטע שניידערל „מע“
און די עלטסטע מויד מיט איר סאַפּראַן
פאַרפּאָרט אַזש העט־העט־הע.

און דאָס מיזיניקל קלאַפּט צום טאַקט
מיט ביידע הענטלעך „באָם“
א ספק צי די מאַמע וועט האָבן שיך,
אָבער איך וועל האָבן „האָם“.

# שפינען

פיפער האַרבסט. אַניעלאַ, דו זעסט
דאָס שפּיל פון די שוואַרצע שפּינען,
וואָס פּלאָנטערן זיך אין שפּינגעוועב
און קענען זיך נישט געפינען?

איך האָב זיי אומישנע אויסגעטראַכט,
אַ שפּיל פאַר דיר און פאַר מיר,
כ'האָב ליב צו זען ווי ס'קריכט די פּיין
אין אַזאַ נאַכט אויף אַלע פיר.

דו ווייסט? איז גוט. אַזאַ געוויין
גיט צו דעם שפּיל — עפעקט,
אַביסעלע העכער! דער שכן קלאַפּט,
דו האָסט אים אויפגעוועקט.

„גוט נ'אָוונט, דאָקטאָר!" קומט אַריין,
איר זענט אַזוי מאָדנע בלאַס,
גלייך איר וואָלט פאַרלוירן דאָס גרויסע געווינס
אויף דער פראַנציסקאַנער-גאַס.

אָט איז אַ שטול! מיר שפּילן זיך דאָ
אין מאַטערן ביז צום טויט
אַ הייפל שפּינען. און פענצטער בליצט
די האַרבסט-לבנה רויט.

„גוט נ׳אָוונט מאַדאַם!״ גוט, וואָס איר זענט
געקומען צו דער ריכטיקער צייט,
נאָך צוויי סעקונדן און מיר װעלן זען,
ווי דער מלאך המות רייט —

האָפּ, האָפּ, גאַלאָפּ אויף זיין שוואַרצן פערד —
אַלץ נענטער צו אונז אַהער
און טרעפן וועט ער, — כאַ, כאַ, מאַדאַם —
אַ הייפל ווערים און נישט מער.

אַזאַ שפּיל, מאַדאַם, איז גוט פאַר דעם,
וואָס גלויבט נישט מער אין גאָט,
ער ווישט פון׳ם חלום אָפּ די האַק
און דעם קאָפּ פון׳ם עשאַפאָט.

דער טויט ווערט נישטיק, גראָ און קליין
און דו שרעקסט זיך פאַר אים נישט מער
און פינקלט אין דיינע אויגן אַ טרער,
איז דאָס נאָר אַ רחמנות־טרער.

ס׳איז וווּנדערלעך אָט דאָס דאָזיקע שפּיל —
פאַרוואָס האָט איר נישט געלאַכט?
קומט מאָרגן ווידער! כ׳האָב אַ שענער שפּיל
מיטן טויט זיך אויסגעטראַכט.

# ליד

איך ווייס, אַז דו וועסט אַוועקגיין,
ווען די שטערן אויפֿן דאַך
וועלן אויסגיין אין אייגענעם זילבער
און די שוואַלבן וועלן ווערן וואַך.

און איך וועל אַ באַרוועסער שטיין
פֿאַר דיין בילד אויף דער וואַנט
און פֿילן אַ מאָדנעם ציטער
אין מיין רעכטער האַנט.

פֿאַר די אויגן וועט בליצן אַ מעסער
און אַ פֿייערל אַ רויטס,
אין ווינקל וועט וויגן דאָס מזל
אין וויג אַ קינד אַ טויטס.

אין צימער וועט פֿאַרשמעקן
מיט בלאָקייט און געוויין,
מיט באָרוועסע טריט, וואָס ווייסן
נישט וווּאַהין צו גיין.

# שאַטנס

במבֿע זענען שאָטנס הכנעה׳דיקע, שטילע
זיי ליגן דיר צופֿיסנס, באַגלייטן דיך ווי הינט —
געדענק! זיי האָבן דיך געהערט אַלס קינד
שעפּטשען פֿאַרן שלאָפֿן־גיין די ערשטע תּפֿילה.

און תּמיד, ווען דאָס ליכט פֿאַראָט די ערד,
קומען זיי צו גיין, די סאַמעטענע, קילע —
מעגסט פֿרעגן דעם מינדסטן דאָרן אפֿילו
צו ס׳האָט אויף אים זייער ליבשאַפֿט נישט געטרערט.

טאָ, ריר זיי נישט! קוים ווערן זיי דיר שונאים
און בלענדן דיר דאָס אויג, פֿאַרלעשן דיר דאָס פּנים
און שרעקן דיך מיט טויזנטער געשטאַלטן —

מעגסטו לויפֿן ווּ דו ווילסט, זיי וועלן דיך דעריאָגן
און צווישן די פֿאַרנאַכטן און פֿאַרטאָגן
וועלן זיי דיך ערגעץ ווּ פֿאַרהאַלטן.

# ליבשאַפֿט

ש. י. אימבער

שלאַנקע הירשן אויף פֿאַרשנייטע בערג,
די זילבערנע הערנער פֿאַרטשעפּען די לבנה
און די לבנה איז גוט צו זיי.

מיין מאַמע היט זיי, גייט זיי נאָך פּיס־טריט.
די וועלף אין וואַלד זאָלן נישט דערנייוכען,
פֿאַרלעשט זי די שפּורן אויפֿן שניי.

מיין מאַמע איז שוין זינט יאָרן טויט,
נאָר איר ליבשאַפֿט גייט אַרום אין רוים
מיט אָפֿענע אָרעמס פֿאַרן ווינט.

זי שלעפֿערט איין דעם אומרו פֿון די שטראָזן,
שפּרעכט אָפּ אַ „גוט אויג" די קליינע האָזן
און דאָס מינדסטע ווערימל רופֿט זי „קינד".

די ליבשאַפֿט לאָזט זי נישט אין קבר רוען.

אָט עפֿנט זי די תחינה פֿאַר די שטערן
און זאָגט און זאָגט, אַז גאָט זאָל זי דערהערן.

אין מיין חלום לייכטן אירע טרערן...

# אברהם גאָלדפאַדן אויף דער עלטער

זיי זענען זיך צעפלויגן,
ווי די פייגל איבעראַל,
די פייגל, וואָס כ׳האָב געכאָוועט
ביי שמעון מאַרעק אין שטאַל.

איבערן ים זענען זיי געפלויגן
און געוואָרן דאָרט „אָלרייט״
און העלפן דעם אַלטן טאַטן
האָט מען נישט קיין צייט.

צי קענען זיי רען נישט פילן,
צי קענען זיי נישט פאַרשטיין:
די עולה פון לאָזן דעם טאַטן
אויף דער עלטער אַליין?

כ׳האָב די הענט זיך אָפּגעשריבן.
קיין ענטפער זיך נישט דערוואַרט,
היינט האָב איך דאָס לעצטע רינגל
פאַרמשכונט אין לאָמבאַרד.

איך שלעפּ זיך איבער די גאַסן
אין מיין אַלטער פּעלערינע —
ס׳אַרא תּירוץ וועל איך זאָגן
מיין גוטער, געטרייער פּולינע?

זי זיצט מסתּמא ביים פענסטער
אין איר טערקישן שאַל און וויינט,
אָ, ליבער הער־גאָט אין הימל —
נישט דאָס האָבן מיר געמיינט.

העי, פלאַקער פייערל, פלאַקער,
ס׳איז ווינטער און ס׳איז קאַלט
און איך און מיין געטרייע פּוילינע
מיר זענען מיד און אַלט.

העי, פלאַקער פייערל, פלאַקער,
לויכט אויף פאַר אונז דעם נס —
די שיינע טעאַטער־יאָרן
פון יאַס און פון אָדעס.

און ביים שיין פון יענע בילדער,
איצט ווען כ׳בין אַלט און אַליין,
לערן מיך אָן כעס, אָן שנאה
דעם גאַנג דעם לעצטן גיין.

# קין

הבל איז טויט. זיין כאָרכלען גייט
מיר נאָך פיס־טריט. א דין געוויין
ציטערט הינטער מיר. איך שטיי אליין
הינטערן באַרג, ווו די זון פאַרגייט.

דאָרט, ווו די מיטן־נאַכט פאַרשפּרייט
אירע ברוינע פליגל, וועל איך שטיין
געבויגן נעבן טייך, פאַרקריצט די ציין.
דער משפּט גייט און איך בין גרייט.

דער ערשטער כהן האָט די ערשטע שאָף
אַ קרבן דיר געבראַכט, יהוה, הער —
אויב ס׳קומט אַ שטראָף דערפאַר, טאָ, פאָטער, שטראָף!

נאָר פונ׳ם הימל פאַלט אַראָפּ אַ טרער:
קין, מיין קינד, נעם, באַוווין דאָס לאַנד
און פאַרמער דיך ווי שטערן און ווי זאַמד.

# באַלאַדע פֿונ׳ם קופּערנעם גראָשן

נ אָ ט ל ע ן

ברומט דער בלינדער: „ס׳איז טאַקע נאַכט,
איך פֿיל די שאָטנס הינטער מיינע טריט" —

און פֿון זיין גראָער קאַטאַרינקע פֿליט
אַ קראַנקע שוואַלב אַרויס — דאָס ליד,

וואָס האָט געזשומעט פֿון הויף צו הויף
אַ גאַנצן טאָג. איצט פֿליט עס אַרויף

אויפֿן בלינדן אַקסל פֿונ׳ם בלינדן ייד
און ציטערט מיט די פֿליגל שטיל און מיד.

פֿלאַטערט די שוואַלב: „באַלעבאָס, איך מיין,
אַז ס׳איז שוין צייט אַהיים צו גיין".

ברומט דער בלינדער: „וואַרט אַ רגע, וואַרט,
דער היינטיקער טאָג האָט אָפּגענאַרט".

אַ קופּערנער גראָשן פֿונקלט אין זיין האַנט,
אַ שטילער גרוס פֿון הונגער־לאַנד.

פֿליט דער גראָשן פֿון זיין האַנט אַרויס
צו די ליכטיקע שויבן פֿונ׳ם רייכן הויז.

זיצט דער גביר בײַם געדעקטן טיש
און ס׳שמעקט מיט געבראָטנס, צימעס און פיש.

„זע, פּאַפּאַ, אַ לבנה רויט און קלײַן
ווײַל דורך דער שויב צו אונז אַרײַן".

שמייכלט דער גביר: „נו שאַ, נו שאַ,
אַ גרויסע מויד און אַ נאַר אַזאַ".

„זע, פּאַפּאַ, זי ווערט אַלץ גרעסער, גרעסער,
די אויגן בליצן בײַז און שאַרף — אַ מעסער".

קוקט דער גביר און ווערט אַזש בלאַס:
„ס׳איז אַ שפּיצל פון דער אָרעמער גאַס"!

„לאָזט אַראָפּ דעם פירהאַנג"! און ער פילט — ס׳ברענט
דער קופּערנער גראָשן אויף די טונקעלע ווענט.

„פאַרלעשט דאָס ליכט"! און ער פילט — ס׳ברענט
דער קופּערנער גראָשן אויף זײַנע הענט.

„זע, פּאַפּאַ, אין גרויסן שפּיגל בליצט
אַ צווייטער קופּערנער גראָשן. און איצט

אַ דריטער גראָשן אין שפּיגל דאָרט..."
שטייט דער גביר און רעדט נישט קיין וואָרט.

ער זעט ווי אין יעדן שפּיגל זיצט
אַ קופּערנער גראָשן און פונקלט, בליצט.

אָט שאַרן זיך טריט. ווער גייט? ווער גייט?
עס שאַרן זיך טריט שטיל, שטילערהייט.

און פון דער פינסטער שיילט זיך ארויס
א בלינדער ייד, געשפּענסטיש און גרויס.

ער טאַפּט מיטן שטעקן פּאַמעלעך און קניט
פאַרן ערשטן שפּיגל אַנידער מיד

און נעמט דעם קופּערנעם גראָשן אַרויס
און הויבט זיך אויף געשפּענסטיש און גרויס.

ער טאַפּט מיטן שטעקן פּאַמעלעך און קניט
פאַרן צווייטן שפּיגל אַנידער מיד.

און נעמט דעם צווייטן גראָשן אַרויס
און הויבט זיך אויף געשפּענסטיש און גרויס.

און אָט איז דער אַכטער שפּיגל און ס'קניט
צום אַכטן מאָל אַנידער דער ייד.

און נעמט דעם אַכטן גראָשן אַרויס
און הויבט זיך אויף געשפּענסטיש און גרויס.

ער שאַרט מיטן שטעקן און אָט איז די טיר,
קוקט בלייך און דערשראָקן אים נאָך דער גביר.

ער הערט, ווי עס שאַרט זיך אַראָפּ די טרעפּ
דער בלינדער ייד. אַראָפּ די טרעפּ.

אָט שטייט ער אין סאַמע מיט פונ׳ם הויף
און גלאָצט מיט די בלינדע אויגן אַרויף

צום זילבערנעם טאָלער, וואָס פונקלט, בליצט
פון אייביק און אייביק אָן ביז איצט.

שטייט די קאַטאַרינקע אין חינקל הויף
און ציטערט פאַר קעלט — אין ווינקל הויף.

„באַלעבאָס איך טראַכט, איך וויל, איך מיין,
אַז ס׳איז שוין צייט אַהיים צו גיין".

שמייכלט דער בלינדער: „וואַרט אַ רגע, וואַרט,
דער חלום האָט היינט נישט אָפּגענאַרט..."

און ער הויקערט זיך איין און שפּילט דאָס ליד,
דאָס טרויעריקע ליד פונ׳ם בלינדן ייד.

## וואגאַבונדן

זיי שלאָפן אין די פּאַרקן און זענען הייליק
מיט יענער הייליקייט פון נעכט אָן שטערן.
אַ באָרוועסער ווינט נאָר קען אַמאָל דערהערן
זייער ריידן פונ׳ם שלאָף און וויסן: הייליק!

זיי האָבן אין חלום באהאַלטן זייער היים
און האָבן זי ליב מיט יענער גרויסער ליבע,
וואָס גייט אין סאַנדאַלן דורך האַרבסט־נעכט טריבע
און באַזוימט מיט גאָלד די הייזעלעך פון ליים.

זיי זענען „פער דו״ מיט די וואָלקנס און דעם רעגן
און געשוווירענע אַלטע גוטע ברידער
מיט אַלע גלייכע און קרומע וועגן.

און ווערט זיי אומעטיק, זינגען זיי די לידער
און די שיינע הארבסטיקע באַלאַדן
פון איציק מאַנגער. אָ, געטרייע קאַמעראַדן!

# עקזעקוציע

די מאָרגן־דעמערונג, ווי בלאָ צעקנייטשטער זייד.
דער תּלין שטייט און וואַרט ביים עשאַפאָט
טרויעריק און שיין, ווי אַ יונגער גאָט.
ווי אַ וואָרעם אין האָלץ טיק־טאַקט די צייט.

דאָס תּפיסה־גלעקל קלינגט. צוויי תּפיסה־וועכטער
פירן אַרויס דער גראָען דעליקווענט,
די קייטן קלינגען שווער אויף זיינע הענט
און די שפּערלען צוויטשערן אויף די דעכער.

ביים גרינעם טיש, אַ שוואַרצע ערנסטע געשטאַלט,
טוט אָן דעם צוויקער און לעזט שאַרף און קאַלט
צום סאַמע לעצטן מאָל דעם פּסק.

דער מערדער שטייט געהויקערט און ער הערט
און זעט זיין קרבן אין אַ שטאַל פון פערד
און אַ רויטן זונשטראַל אויפן תּלינס האַק.

# אַנטלויפנדיקע פרוי

זי שטייט און קוקט. אין ווינקל שטייט דאָס בעט
און ס׳איז איר היינט אַזוי מאָדנע פרעמד,
גלייך זי וואָלט קיינמאָל נישט אין שפּיצן־העמד
געלעגן דאָרט, געפילט זיין הייסן גלעט.

זי נעמט די וואַליזקע אין דער האַנט
און לאָזט זיך פעסט און אַנטשלאָסן גיין,
זי עפנט די טיר און בלייבט אַ רגע שטיין,
גלייך זי האָלט אָן עפּיס זיך דערמאַנט.

זי קערט זיך אום. ס׳בלאָנדזשעט אום איר בליק
איבער די ווענט — אַהין, אַהער, צוריק —
אָט הענגט דער שפּיגל אויף דער וואַנט.

און ס׳ציטערט אויף איר יונגער, שטאָלצער קאָפּ.
זי גייט צום שפּיגל צו. מעקט אָפּ
איר שפּיגל־בילד מיט דער קליינער, ווייסער האַנט.

# דער אַלטער ר׳ פּנחס פון האָראָדענקע

ש. א. סופרן

דער אַלטער ר׳ פּנחס פון האָראָדענקע
פלעגט יעדן אָוונט שטיין פאַרן טויער:
ביים רבין אין שטוב איז צופיל שמחה
אין גאַס קען מען שעפּן אַ ביסל טרויער.

און מיך, דעם יונגן, פאַרליבטן סאָלדאַט
האָט ער מיט אַ שמייכל באַגעגנט:
„שטעל אויף דעם קאָלנער, צעדרייטער פּאָעט,
דו זעסט דאָך, אַז ס׳ע רעגנט".

און מיט לצנות: „קום כאַפּן אַ דאַוון!
אוי־וואַ, מסתמא פאַרגעסן דעם סידור.
ממזר, מען ווייסט, פאַרדרייסט דעם קאָפּ
דעם רבינס טאָכטער מיט דיינע לידער".

און ווידער ערנסט: „זע, פאָלג אַן אַלטן
און היט און שוין דיין ביסל כבוד.
די רביצן? ס׳איז די זעלבע מעשׂה —
שוטה, דו מיינסט מיט אַ מגן דוד".

איצט איז דער אַלטער ר׳ פּנחס טויט,
ער שלאָפט אויף אַ ליבן, נאָענטן בית עולם
און איך בין שוין אַ פאַרליבטער קאַפּראַל,
אַ העכערער ראַנג, נאָר דער אייגענער גולם.

ס׳איז האַרבסט. אין דרויסן נעפּל און ווינט,
דער רעגן פּויקט אין די פענסטער —
פאַר מיר, דעם באַלאַדישן קאָמאַנדיר
מאַרשירן פאָרביי די געשפּענסטער.

אָט ציטערט ר׳ פּנחס זילבערנע באָרד,
אָט לעגט ער די האַנט אויף מיין אַקסל:
„דיין שם, קיינעהאָרע, וואַקסט און וואַקסט
נאָר דער שכל וויל נישט וואַקסן״.

## באַלאַדע פּאַוויע 10

די טאָכטער פֿון סטרוזש אויף פּאַוויע צען
פֿליסטערט צום טרויעריקן פּאַסטוך אין טרוים:

„דו געדענקסט, ווען איך בין געווען
אין אונזער דערפֿל אַ קאַרשנבוים?

ווי איך האָב געציטערט און געבליט
ביים מינדסטן קלאַנג פֿון דיין אָוונט־ליד".

שווייגט דער פּאַסטוך און לאָזט זיך גיין,
פֿאַרשטעלט אים דעם וועג איר דין געוויין:

„גיי נישט, דער טאַטע שטייט און היט
און לויערט אין הויף אויף דיינע טריט.

ער ווייסט, אַז דו קומסט אַ יעדע נאַכט,
כאָטש טיר און טויער זענען צוגעמאַכט".

שמייכלט דער פּאַסטוך און זיין שמייכל פֿאַלט,
ווי אַ שטערן אין נאָוועמבער־וואַלד.

ער זעצט זיך אַנידער אויף איר בעט
און גלעט איר בלאָנדן קאָפּ און רעדט:

„ווי איך האָב דיך ליב, ווי איך האָב דיך האָלד,
דיינע האָר זענען גאָלדענער פון גאָלד.

פון זינט דו ביזט פונ׳ם דאָרף אוועק
זענען לאַנג די נעכט און טריב די טעג.

די גראָע שפּערלען אויף אונזער דאַך
פּלאַפּלען וועגן דיר אַ סך, אַ סך.

און דער מינדסטער ווינט, וואָס קומט פון סטעפּ,
ברענגט מיר דעם ריח פון דיינע צעפּ.

מיין אַלטע מאַמע איז בלויז געווען
איבער דיין גורל אין דער שטאָט פון שטיין.

זי צינדט יעדן אָוונט אָן אַ ליכט
פאַר דיין נשמה — אַ גאָלדן ליכט.

ברענט עס אין גרינעם קלויסטערל, מיין קינד,
ביז ס׳פאַרלעשט עס דער מאָרגן־ווינט״.

— — — — — — — — —

כ׳האָב היינט געזען אַ דאָרפיש מיידל־העמד
פלאַטערן אויף אַ שטריק פאַרשעמט און פרעמד

און כ׳האָב פאַרפאַסט דאָס דאָזיקע ליד
צו זינגען מיטן ניגון, וואָס אויפן יריד

זינגט אים דער בעטלער מיט דער לאָמער האַנט —
זיין זינגען איז אַלעמען ווויל באַקאַנט.

און ווער ס׳האָט אַ שענערן ניגון — דער מעג
אים זינגען אין אָט די טריבע טעג.

# CALIGULA

צעזאַר קאַליגולאַ שטייט פאַרן שפּיגל,
אין שפּיגל דעמערט אַ קיניגרייך :
„ווער איז דאָס מיידל דאָרט מיטן קריגל,
וואָס נידערט אַראָפּ צום טייך ?"

„דאָס מיידל אין שפּיגל, אימפּעראַטאָר ?
די טאָכטער וואַנזיניוס, דעם פּאָעט".
קאַליגולאַ שמייכלט : „ביי אַלע געטער —
די בתולה איז צייטיק פאַרן בעט".

זיין פּנים וואָלקנט : „העי, סענאַטאָרן,
לויפט און ברענגט מיר די בתולה אַהער !"
די סענאַטאָרן שפּרינגען אין שפּיגל,
לויפן און סאַפּען און אָטעמען שווער.

קאַליגולאַ צאָרנט ; „שנעלער, קאַנאַליעס,
שנעלער — איר אַלע שפּילט מיטן טויט".
זיי לויפן שנעלער. דאָס מיידל אַנטלויפט,
די לבנה אין שפּיגל ברענט רויט.

דאָס מיידל בלייבט שטיין. די האָר אירע בלענדן
די קליידער פאַלן אַראָפּ פון איר גוף,
זי קניט פאַרן וואַלד, פאַרן ווינט, פאַרן וואַסער
און הויבט זיך שווייגנדיק אוף.

די סענאַטאָרן ציטערן, שטאַמלען:
„אין נאָמען פון מעכטיקן הערשער פון רוים
פירן מיר דיך, דו שיינע וואַנזיניאַ,
אַריבער איבער דער גרענעק פון טרוים”.

קאַליגולאַ שמייכלט: זיי פירן זי נאַקעט,
ער שליידערט אַראָפּ די קליידער, דאָס העמד.
די קרוין זיינע שימערט, פונקלט, בליצט
אַנטקעגן דעם מיידל פון דער פרעמד.

נענטער און נענטער. די האָר אירע בלענדן.
„העי, שקלאַפן, פלינקער! גרייט צו דאָס בעט”!
ער הויבט די האַנט: „נעגריסט זיי, װאַנזיניאַ!
דו, טאָכטער וואַנזיניוס דעם פּאָעט”.

לבנה סעפּטעמבערט איבער די שויבן,
נאַכט־וואַכן שפּאַנען אַהער און אַהין,
רוים שלאָפט און זעט נישט די פלעדערמויז,
וואָס שאָטנט איבערן פּאַלאַטין.

## שיינדלען

די לבנה זילבערט מיין פענסטער,
א פויגל פלאַטערט פאַרביי —
טשיריק, טשיריק —
ס'איז מאַי,
אָבער נאָך נישט דער שענסטער.

מיין שוועסטער אין נאַכט־העמד
לייענט אַ מעשה וועגן גליק,
די בוימער אינדרוויסן צוויטן —
דאָס גליק וווינט תמיד אין דער פרעמד,
זאָל נאָט עס באַהיטן.

מיין טויטע מאַמע קומט אַריין,
זי טראָגט אַ סאַמעטן קלייד,
אירע האָר זענען פול מיט לבנה־שיין.
זי גייט
צו מיין שוועסטער צו:
„נו, שיינדעלע, נו —
די חופה וואַרט און דו, דו לייענסט?
קום, כלה, קום... דו וויינסט?"

די לבנה ליכטיקט, ווי שניי
איך עפן די אויגן. ווו זענען זיי?
אויפן טיש ליגט דער ראָמאַן,
דער ווינט מישט איבער די בלעטער,
פונדערווייטנס הודזשעט אַ באַן.

די נאַכט ווערט טיפער, שפּעטער
מיין שוועסטער קומט צוריק:
ווו איז די מאַמע? ווו איז דאָס גליק?

זי שווייגט, זי וויינט

דער ווינט האָט די מעשה וועגן גליק
דערוויילּ איבערגעלייענט...

# באַלאַדע

אין תפיסה־הויף די תליה שטייט,
דער תלין שטייט און וואַרט...

„תלין, נעם און טו דיין פליכט!"
ברענט בייז דעם פּראָקוראָרס געזיכט.

דער תלין שטייט און וואַרט:

„דער מערדער שרייבט אַהיים אַ בריוו
צו זיין מאַמען אין דאָרף

און איך דאַרף טויטן נאָר זיין גוף
און נישט דעם שטאַמל פון קינד".

אַ קאַלטער ווינט שנייַדט דורך דעם הויף
דעצעמבער־שאַרף,

דער תלין שטייט און וואַרט...

„תלין, נעם און טו דיין פליכט!"
ברענט שאַרף דעם פּראָקוראָרס געזיכט.

„דער יונגער מערדער קניט אין צעל
און מורמלט אַ געבעט

און איך דאַרף טויטן נאָר זיין גוף
און נישט זיין בלאָ געבעט".

אַ קאַלטער ווינט שניידט דורך דעם הויף
דעצעמבער-שאַרף,

דער תּלין שטייט און וואַרט...

„תּלין, נעם און טו דיין פּליכט!"
ברענט רויט דעם פּראָקוראָרס געזיכט.

דער תּלין שטייט און וואַרט:

„דער יונגער מערדער וויינט אַצינד
אין תּפיסה-צעל אַליין

און איך דאַרף טויטן נאָר זיין גוף
און נישט זיין ווייסע טרער".

אַ קאַלטער ווינט שניידט דורך דעם הויף
דעצעמבער-שאַרף,

דער תּלין שטייט און וואַרט...

# עלעגיע

אָונט. דאָס קליינע פאַסטוּכל
שפּילט אויפן פלויער,
צווישן די שאָף אויף דער לאָנקע
פּאַשעט דער טרויער.
די גרילן טשירקען אין גראָז,
דער וואלד ווערט טונקעלער, ווייטער,
דער טייך איז געשליפן גלאָז,
אויף אַ וואָלקן־פערד סאַפּעט אַ רייטער.

דאָס פאַסטוּכל שפּילט,
זיין געשטאַלט ווערט לופטיקער, דינער,
דער אָוונט פאַרנעמט אין דאָרף
די גענדז, די הינער.
די בענקשאַפט איז ווּנדערלעך גרויס,
דאָס שווייגן גרעסער —
ווער וועט באַפרייען די לעצטע פּרינצעסינס
פון די איינזאַמע שלעסער?

דאָס פאַסטוּכל שפּילט און פילט,
אַז ער איז דער ריטער —
נאָר, מאַמעניו, איינס איז שלעכט,
נאָר איינס איז ביטער:
ווי לאָזט מען איבער אַליין
די שאָף און דעם פלויער,
די לאָנקע, דעם וואַלד און דעם ווינט
דעם אייגענעם טרויער?

פלי־פלי־פליו, פלי־פלי־פליו — פליו.

## שונד-ראָמאַנס

און איצט, מיינע ליבע לעזערין,
וועל איך דיר זינגען אַ שונד-ראָמאַנס:
...עס האָט פּאַסירט כ"ז אב
אין רייכן האָטעל „דע פראַנס".

ער — איין מאַרקיז דע-פּאַמפּימפּי
און זי — איין אָרעמע מויד,
ער האָט זי באַגעגנט זאַמסטאַג פרי
הינטער דעם שטערן-פּלויט.

ער האָט פּאַר איר געקניט און געזאָגט:
„דו ביזט מיין ענגעל, מיין גליק"
עס וואַר, ווי געזאָגט, כ"ז אב
הינטער דער שטערנבריק.

זי האָט אים געצערטלט און געקושט
און געזאָגט איין וואָרט נאָר: „אַך!"
(די פרויען, ליבע לעזערין,
זינד נעמליך צאַרט און שוואַך).

ער האָט זי גערופן: „שרה'לע קרוין"
און זי אים — „ליבער האַנס"
עס וואַר, ווי געזאָגט, כ"ז אב
אין רייכן האָטעל „דע פראַנס".

איצט לאָזן מיר אונזער פּאָרל אַליין
און מיר גייען קיין בעלעהויל,
דאָרט ליגט די מאַרקיזע דע־פּאַמפּימפּי
און כליפּעט אויפן דיל.

זי כליפּעט: „מאַמע, מאַמעשי קרוין,
באַשער מיר גיכער דעם טויט —
עס האָט מיך פאַראַטן דער פאַלשער מאַן
מיט דיזער סמאַרקאַטער מויד".

זי הויבט זיך אויף און נעמט דעם קינדזשאַל
און לאָזט זיך אַנטשלאָסן גיין...
(איצט, מיינע ליבע לעזערין,
איז צייט צו כאַפּן אַ וויין).

ווייל ביידע אַנען מיר דעם סוף —
דער גאָלדענער אינדערפרי
טרעפט די שיינע שרה'לע טויט
ביים מאַרקיז דע־פּאַמפּימפּי.

קורץ וואַר דאָס קליינע מענטשלעכע גליק
פון שרה'לע און האַנס —
עס האָט פּאַסירט כ"ז אב
אין רייכן האָטעל „דע פראַנס".

# באַרג־ליד

דר. סטאַניסלאַוו ווינצענצן

די רויטע פייערלעך פון טאָל
רופן דעם פאַסטוך פון די בערג אַהיים,
דער שטילער ניגון אין זיין פלייט
איז פאַר דער נאַכט אין די בערג צו קליין.
לאָזט ער איבער אויף גאָטס באַראָט
די בערג, די שטילקייט און די שטערן.

דער וואַנדערער אײַלט זיך צו. שוין שפּעט.
אים שרעקט די אייגענע טריט צו הערן,
ער האָט שוין אָפּגעשטאַמלט זיין געבעט
און פילט ווי ס'וואַרגן אים די טרערן.
אָט, נאָך אַ רגע, בלייבט דאָס האַרץ אים שטיין.

זיין גלויבן — ער ווייסט, ווייזט אויס, אַליין —
איז פאַר דער נאַכט אין די בערג צו קליין,
לאָזט ער איבער אויף גאָטס באַראָט
די בערג, די שטילקייט און די שטערן.

און טיף אין טאָל שפּינט דער פּחד די לעגענדע,
ביי גראָשנדיקע ליכט, פון שדים און פון בערן,
ער זעט די ווייסע כלות פון די בערג. זיי קלערן

ביים רוישן פון׳ם וואַסער אויס געפאַרן,
ווי אַזוי צו בלענדן, פאַרפירן און פאַרנאַרן
די בלאָנדע קינדער פון די כאַטעס.

ציטערן די מאַמעס און זיי זאָגן שפּרוכן
און די הויכע, בערדיקע טאַטעס
רופן שטיל אָן גאָט ביים נאָמען.

און גאָט אַליין וואַנדערט אין די בערג
דעם גאַנצן טאָג ביז פרי באַגינען.

און יעדער איינער קאָן נאָך אינדערפרי,
קלעטערנדיק איבער די בערג, אָן מי
די שפּורן פון זיינע טריט געפינען.

# אַ יונגער טאָג

אַ יונגער טאָג פֿאַרשווענדט זײַן ליכט
אויף אַלטע און פֿאַרשטויבטע װעגן —
איך טרעט אויף טראָפּנס זון און שטויב
און שוואַלבן פֿלאַטערן מיר אַנטקעגן.

די גראָע װעגן זענען קלוג —
זיי טרינקען טראָפּנס גאָלד און שווײַגן,
נישט אײנמאָל האָבן זיי געזען
אַ טאָג פֿאַרבלוטיקט צווישן צווײַגן.

זיי ווייסן: ביטרע איז די נאַכט —
זי ציטערט, שרעקט זיך פֿאַר געראַנגל,
נאָר ווען דער טאָג איז אָפּגעשוואַכט
פֿון זיך פֿאַרשווענדן, קומט די נאַכט
און פֿאַרמעסט זיך אין געראַנגל.

און ס׳ראַנגלט, ראַנגלט זיך דער טאָג
און — ניין און — ניין, ער וויל נישט שטאַרבן.
אַ רגע — און אָט דאַכט זיך דיר,
אַז ער פֿאַרפֿלייצט די וועלט מיט פֿאַרבן.

די זאַנגען ציטערן אין פֿעלד,
די װעגן שווײַגן שטילע, גראָע,
זיי ווייסן שוין דעם סוף פֿון קאַמף
און האָבן פֿון דעם שפּיל הנאה.

און אָם, אָט, גוססט שוין דער טאָג
אויף אָונט־וואָלקנס — זיין געלעגער —
און ס'שאַרן זיך אַרום דעם מת
די שוואַרצע, שטומע מיטה־טרעגער.

צדקה תציל ממות...

# לאַרעלײַ

לאָמיר זאָגן: אײנס,
אײדער ס'װערט צװײ —
פאַרן ראָטהױז אױפֿן מאַרק
שטײט אַ פּאָליצײ.
שטײט ער, גײט ער, שטײט ער, גײט ער
און די לאַנגע װאָנציעס דרײט ער,
אַלעמאָל אַ דרײ.

לאָמיר זאָגן: צװײ,
אײדער ס'װערט דרײ —
אין אַ טױער מיטן סטרוזש
שלאָפט די לאָרעלײ.
און אַ פֿױגל אױפֿן דאַך
פּיפּסעט הײזעריק און שװאַך:
„אים שײנעם מאָנאַט מײַ".

לאָמיר זאָגן: דרײ,
אײדער ס'װערט פֿיר —
סאַרכעט פֿון דעם אַלטן סטרוזש
מיט בראָנפן און מיט ביר.
און די לאָרעלײ — זי װײנט:
„גאָט, נישט דאָס האָב איך געמײנט,
אָך און װײ איז מיר".

לאָמיר זאָגן: פֿיר,
אײדער ס'װערט פֿינף —

„ווײַן נישט, כ'װעל דיר איבערי־װאָך
קויפֿן אַ פּאָר שטרימפּ".
װײנט זי דאַװקע: „מאַמע מײַנע
שוין נישטאָ דער יונגער הײַנע"...
קלינגט דער זײַגער פֿינף.

לאָמיר זאָגן: פֿינף
אײדער ס'װערט זעקס,
װערט אין כּעס דער אַלטער סטרוזש:
„װאָס, דו אַלטע העקס,
האָסט אַ צװײטן איצט דערמאָנט?"
און ער, הױבט די שװערע האַנט:
טראַך! „דו אַלטע העקס".

לאָמיר זאָגן: זעקס,
אײדער ס'װערט זיבן,
שטײט דער דיקער פּאָליציאַנט,
דעם פּראָטאָקאָל געשריבן:
„הורן, מאַכן אײן סקאַנדאַל,
דאָנערװעטער נאָך אײן מאָל..."
קלינגט דער זײַגער זיבן.

לאָמיר זאָגן: זיבן,
אײדער ס'װערט אַכט —
בלאָזט דער מאָרגן־װינט אַװעק
די לעצטע רעשטלעך נאַכט.
און פֿון גראָען תּפֿיסה־הױז
קוקט די לאָרעלײַ אַרױס —
נישט פֿאַר אײַך געדאַכט.

לאָמיר זאָגן: אַכט,
איידער ס׳ווערט ניין —
אויף די דעכער פּינקלט, בליצט
פראָסט און זונענשיין,
און אַ שאָלטיק — אַ יאָר אַכט
פּייפט אַ זונשטראַל אויס און לאַכט:
„אין טאַטן דיר אַריין!”

בערלין, 1933

# די באַלאַדע פֿון דעם ייִד, װאָס איז דערגאַנגען פֿון גראָ ביז בלאָ

אברהם זיינפעלדן.

דער גראָער קאַיאָר שטייט באָרוועס אין הויף
און קלאַפּט אין דעם אָרעמסטן פֿענסטער אָן,

כאַפּט זיך אויף פֿונ׳ם שלאָף דער אָרעמער ייד
און טוט די גראָע מלבושים אָן.

פֿאַרלייגט די טאָרבע אויפֿן אקסל און נעמט
דעם גראָען שטעקן אין דער האַנט

און לאָזט זיך גיין מיט פּאַמעלעכע טריט
מיטן גראָען שליאַך זאַלבאַנאַנד.

גייט ער און גייט און די גראָקייט ווערט
געדיכטער און ווי בליי אַזוי שווער;

װערט טרויעריק דער אָרעמער, גראָער ייד,
אין זיינע אויגן פֿונקלט אַ טרער.

אַ גרויסע טרער, װאָס קייקלט זיך שטיל
אַראָפּ אין זיין גראָער באָרד אַריין —

װערט ליכטיק די גראָע באָרד פֿונ׳ם ייד
פֿון איר דינעם, זילבערנעם שיין.

נאָר וואָס קלעקט דאָס זילבער פון א טהער?
א רגע און צוויי און נישטאָ זי מער.

שטעלט דער ייד זיך אוועק ביי א גראָען בוים
און זאָגט א תפילה אויפן קול:

„רבונו של עולם! מעק די גראָקייט אָפּ
פון אַלע מיינע וועגן. און זאָל

מיין וואָגל און וואַנדער איבער דער וועלט
זיין כאָטש ליכטיק און אויפגעהעלט".

פאַרענדיקט די תפילה, ווערט דאָס האַרץ אים גרינג,
די תפילה — אַ בלאָער שמעטערלינג —

פלאַטערט פאַר אים — אַ פינטל בלאָ
אין דער לאַנדשאַפט פון גראָ אין גראָ.

גייט ווייטער דער אָרעמער ייד און גייט,
זעט ער צווישן די וועגן שטייט

אַ גראָע אכסניה און אויף דער שוועל
אַ בלאָנדע פרוי אין אַ בלאָען קלייד.

וועהן די אויגן פון ייד דורשטיק און גרויס,
טרינקען זיינע אויגן די בלאָקייט אויס.

זאָגט די בלאָנדע פרוי: „באָט העלף, ה' ייד,
איך זענט אוואדע פון די וועגן מיד.

טאָ קומט אויף אַ ווײַל צו אונז אַרײַן,
מיר האָבן גענוג אי ברויט אי ווײַן".

ער עפנט די טיר מיט מידע הענט,
אַ שטוב מיט בלאָ־געקאַלעכטע ווענט.

אין ווינקל זיצט דער באַלעבאָס פון הויז
און האַלט דאָס מיזיניקל אויפן שויס

און דערציילט אים פון בלאָען קיניגרייך
אַרומגעגאַרטלט מיט אַ בלאָען טײַך.

הערט זיך איין דער ייד און ווערט פון בלאָקייט מיד.
און ווערט אַנטדרימלט — פון בלאָקייט מיד.

שפינט דער חלום אַ וועג — און דער וועג איז בלאָ,
דער שטעקן איז בלאָ און די טאָרבע בלאָ.

און דער פויגל, וואָס פליט פאַרביי, איז בלאָ
און דאָס פעלד און דער וואַלד און דער טײַך איז בלאָ.

גאַפט דער שענקער און ס׳גאַפט זײַן פרוי,
ווי ס׳שפּאַרט פון דעם ייד אַרויס דאָס בלוי

און פולט אָן דאָס צימער און שפּאַרט זיך אַרויס
און הילט איין מיט בלאָקייט דאָס גאַנצע הויז.

ווער ווייניט? דו הערסט? איינדרויסן ווייניט
דער גראָער וועג, ווי ס׳ווייניט אַ קינד;

„פאַרוואָס האָט דער ייד מיך געלאָזט אַליין
אינדרויסן אויף הפקר מיטן ווינט?"

וועקט דער שענקער דעם ייד: „שטייט אויף, ר׳ ייד,
אינדרויסן וואַרט דער וועג אויף אייך".

שמייכלט אין חלום דער ייד: ער שטייט
ביים טויער פונ׳ם בלאָען קיניגרייך.

אָט עפנט ער אויף דעם טויער און זעט
אין טאָל די ערשטע דריי בלאָע שטעט.

גאַפט דער שענקער און ס׳גאַפט זיין פרוי,
ווי ס׳שפּאַרט פון דעם ייד אַרויס דאָס בלוי

און פולט אָן דאָס צימער און שפּאַרט זיך אַרויס
און הילט איין מיט בלאָקייט דאָס גאַנצע הויז.

און די בלאָקייט ווערט מורמל און שטאַמל און פלי,
פליסטער און רויש און געזאַנג פון נישט הי;

ווערט בלאַט און צווייג און שטאַם און בוים
וואָלקן און וואַלד און טרוים איבער טרוים.

און די בלאָקייט ווערט כוואַליע און טייך און ים,
אַנונג פון סוד און זיין הייליקער גראַם,

ווערט טראָט און טופּע און טאַנץ און פרייד,
ווערט פרייד איבער פרייד און אייביקייט.

װערט פלימעה און שימער און שטראַל און ליכט,
װערט שאָטן, װערט חומר און װערט געזיכט.

גאַפט דער שענקער און ס׳גאַפט די פרוי,
װי ס׳שפּאַרט פון דעם ייִד ארויס דאָס בלוי

און פולט אָן דאָס צימער און שפּאַרט זיך אַרויס
און הילט איין מיט בלאָקייט דאָס גאַנצע הויז

און — — — — — — — — — — —

# יעקב׳ס חלום

(יעקב שלאָפט אויף א שטיין. דריי מלאכים קומען אַראָפּ פון דער לייטער).

ערשטער מלאך: פּסס...
דריטער מלאך: שטיל...
צווייטער מלאך: מאַכטס נישט קיין ליאַרעם, רב גבריאל
עך זעט דאָך, אַז יעקב אבינו פּאָפּט.
ערשטער מלאך: חמור! אַן ערל פּאָפּט, א צדיק שלאָפט.
דריטער מלאך: האַ?
צווייטער מלאך: וואָע?
דריטער מלאך: רב יאַנקעניו איז מיד,
געקומען, ווייזט אויס, פון א ווייטן יריד.
ערשטער מלאך: ווייס איך וואָס איר דבר׳ט, ר׳ מיכאל —
מיט אייער חומש האַלט עס זייער שמאָל.
דריטער מלאך: טאקאָ? פון וואַנען־זשע דען קומט א ייד,
אַז נישט פון לענטשעווער יריד?
ערשטער מלאך: ער איז אַנטלאָפן פון עשו, דעם כוליגאַן.
דריטער מלאך: צופּיס גאָר? פאַרוואָס נישט מיט דער באַן?
צווייטער מלאך: מן־הסתם נישט געהאַט אויף קאַ בילעט.
ערשטער מלאך: ווייס איך וואָס איר פלאַפּלט דאָרטן, עט!
הערט בעסער אויס און זייט נישט איינגעשפּאַרט,
ער האָט וואַזשנע דעם טאַטן אָפּגענאַרט.
דריטער מלאך: דעם טאַטן? ווער איז דער טאַטע? ווער?
ערשטער מלאך: זיין טאַטע איז יצחק אבינו דער בלינדער,
וואָס גאָט האָט אים באַשערט צוויי צאַצקעס קינדער,
רייסן זיי זיך כסדר ביי די האָר...
(צו רפאל)
איר האָט גענאָסן ר׳ רפאל — א סימן וואָר.

דריטער מלאך: אָפּגענאַרט דעם בלינדן טאַטן — מען מעג?

ערשטער מלאך: מען מעג, מען מעג, געהערט אַ פרעג?
אַ צדיק, ווי יעקב אבינו מעג!

דריטער מלאך: איצט ליגט ער נעבעך אויף אַ האַרטן שטיין
און אַז ער וועט זיך אויפכאַפּן, ווו וועט ער גיין?

ערשטער מלאך: עם-הארץ, נעם דאָס הומשל און ליין,
וועט דיר שוין אַלצדינג ווערן קלאָר.

צווייטער מלאך: ער איז טאַקע געראַכט,
כ׳זאָל שוין האָבן אַזאַ יאָר!
אין חומש שטייט: ויצא, ער איז געגאַנגען,
געגאַנגען און געגאַנגען און געגאַנגען...

דריטער מלאך: ווער?

ערשטער מלאך: אַ מלאך ביסטו? אַ לעקיש בער!
דער אַלטער אויבן זאָל זיך עס דערוויסן...

דריטער מלאך: וואָס בין איך שולדיק, אַז געצל דער ווינט
האָט די פרשה „ויצא” אויסגעריסן?

ערשטער מלאך: אַז דו ווייסט נישט, גולם, שווייג און הער!

צווייטער מלאך: טאַקאָ, טאַקאָ, וואָס וועט זיין דער מער
מיטן צדיק ר׳ יעקב, כ׳וויל עס וויסן, כ׳לעבן.

ערשטער מלאך: דאָס וויל איך איהנען דערציילן עבן:
נישט ווייט פון דאַנען וווינט לבן, זיין פעטער,
וואָס כאָטש ער דינט צו טויזנט געטער,
איז ער אַ וואַזשנער פּאַסקודניאַק.

דריטער מלאך: טאַק, פּאַנאָוויע, טאַק, טאַק!

ערשטער מלאַך:
האָט דער דאָזיקער לבן צוויי דערוואַקסענע טעכטער,

איינע אַ שאָנהייט, די צווייטע אויף לייטיש געלעכטער.
די שיינע הייסט רחל, די מיאוסע הייסט לאה...

דריטער מלאך: זעט ווי דער ווינט שפּילט מיט יעקב'ס אַ פּאה.

צווייטער מלאך: תּמיד האַקט ער איבער אינמיטן,
אַ לא־יצלח, אַ מלאך, זאָל גאָט באַהיטן.

ערשטער מלאך: הקיצור, מיינע ליבע מלאכים, הערט:
אָט דער יעקב וועט ליגן ביי לבנ'ען אין דר'ערד,
ביז גאָט וועט העלפן, ער וועט זיך דערשלאָגן...

צווייטער מלאך: (נעמט אַרויס דעם זייגער פון קעשענע)
ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן,
ס'איז שוין שפּעט, מען דאַרף אָנצינדן די שטערן

ערשטער מלאך: איינגאַנצן פאַרגעסן,
אַז נישט געדאַכט זאָלט עס ווערן.
(ער זוכט די שוועבעלעך אין אַלע קעשענעס)

דריטער מלאך: נאַט אייך די שוועבעלעך, נאַט אייך, נאַט!

ערשטער מלאך:
שטילער, שטילער, וועקט נישט אויף דעם יאַט!
ווייל איידער ר' יעקב הויבט אָן צו ראָמאַנסירן
מוזן מיר קודם דעם הימל דעקאָרירן.
(ער צינדט אָן מיט די שוועבעלעך די שטערן)

דריטער מלאך: איצט נאַט אייך די לבנה, ר' גבריאל,
כ'האָב זי אָפּגעשווענקט אין טייכל ביי דער מיל.
זי פינקלט איצט ווי אַ שפּאָגל־נייע
(ר' גבריאל הענגט אויף די לבנה)

צווייטער מלאך: אָי, ווי זי בלישטשעט, אַ מחיה!

דריטער מלאך: אָי, ווי שיין, מאַמעלעך געטרייע!

(זיי זאָגן „שלום־עליכם“)

— שלום עליכם!

— עליכם שלום!

— שלום עליכם!

— עליכם שלום!

(זיי פאַרשווינדן)

יעקב: (כאַפּט זיך אויף פון שלאָף)

גלייבט צו גאָט, שוין איבערגעקומען דעם חלום.

# אידיליע

מיטן־נאַכט. אויף דער טונקעלער וואַנט
קריכט אַ ווייסע לבנה־שפּין.

אַ שניידער־געזעלן זיצט איינגעהאָרבעט
איבער דער אַלטער ניי־מאשין.

ליבעלע בעקער? ער איז דאָך געפאַלן
ניינצן פערצן אין וואָלין —

ער שטעפּט און זינגט: „די גאָלדענע פּאַווע
האָט פאַרלוירן צו איר שאַנד,

האָט פאַרלוירן די גאָלדענע פעדער
אין אַ פרעמדן לאַנד".

מיין טויטע מאַמע שטייט הינטער דער טיר
זי וויינט, אַז קיינער זאָל נישט הערן:

„אַזאַ שלימעזאַלניצע, נעמט און פאַרלירט
די גאָלדענע פעדער". אירע טרערן

רינען בסתר. און מיר איז גוט
פּונקט ווי ס'איז מיר אַמאָל געווען,

אַמאָל, אין אַ ווייסער לבנה־נאַכט,
אין טויזנט ניין הונדערט צען.

# פּעריפּעריע

אָרעמע יינגלעך מיט קוישן בייגל
לויפן איבערן ווייסן סקריפּענדיקן שניי,
שרעקט אויף זייער הייזעריק געשריי
די שוואַרצע, טרויעריקע ווינטער־פייגל.

אָרעמע מאַמעס לויפן אויף די טרעפּ
מיט ציטעריקע גראָשנס אין די הענט,
שניידער־געזעלן שאַרן זיך ביי ווענט
און דינסטן לויפן מיט פליענדיקע צעפּ.

„וואַרעמע בייגל״! — אַ לאַמטערן־צינדער
צינדט אָן אין דער דעמערונג דעם בלינדער
דעם איינציקן, קרומען גאַסלאַמטערן.

אַ גאַסן־קערער שאַרט צונויף דעם שניי
און זע — ס׳בלישטשען אים אַנטקעגן צוויי
האַלב־פאַרפרוירענע, בלאָע שטערן.

# דער פּריינט

ער זיצט נעבן חולה און ער רעדט
און מאָלט פאַר אים דאָס וויאַנען און דאָס שטאַרבן,
דעם גהינום, וואָס פלאַקערט מיט פייערן און פאַרבן,
די שדים, וואָס פייניקן אין געוועט.

די פּריינט, די קרובים — עט, ברודערהל, עט —
זיי וועלן דיך דעם דריטן טאָג פאַרגעסן,
די ווערים זענען גרין און גליטשיק און זיי פרעסן
און דער שונא, ווי דער שונא, לאַכט און שפעט.

ער ווערט אַנטשוויגן — דער חולה פיבערט שטיל,
די אויגן ברענען, דער אָוונט טונקלט קיל,
דער זומער־ווינט זינגט צווישן די גאַרדינען.

דער זייגער קלינגט. דער פּריינט שאַרט זיך אַרויס
און דורך דער טונקלקייט פון גאַנצן הויז
שרייט אויף דער חולה, ווי אַראָפּ פון זינען.

# האַרבסט

דאָס דאָזיקע ליד פֿון שפּעטן האַרבסט
דאַרף מען זינגען מיט טרויעריקע אויגן,
דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
ווייל אַנדערש וועט עס נישט טויגן.

די בלאָע שוואַלבן פֿון מיין דאַך
זענען אַוועק אין אַ פֿרעמדן זומער,
די אַלטעביימער פֿאַזע שליאַך
ווערן שטילער, פֿרומער.
און אַז דער רעגן וועט נעמען גיין,
וועלן זיי פֿאַרכטיק פֿאַר אים שטיין
און רוישן דאָס ליד פֿון זומער.

און דאָס איז דאָס ליד פֿון שפּעטן האַרבסט
דער שטילער טרויעריקער זמר.

אין אַלע טעמפּלען פֿון דער וועלט
האַנדלען די קרעמער;
זיי שאַרן צונויף דאָס רויטע געלט
און די כּוהנים שטייען אין דרויסן,
— פֿאַרשעמטע, פֿאַרטריבענע אָרעמעלייט —
און וואַרטן אויף דער אייביקייט.
נאָר נישט דאָס בין איך אויסן...

אוּן דאָס איז דאָס ליד פוּן שפּעטן האַרבסט,
בעזוּנגען פאַרן פענסטער —
אוּן אַז דער ניגון וועט דערגיין
צוּ די, וואָס האָבן געחלוּמט שיין
וועט ער הערן דער שענסטער...

# אינהאַלט:

## ביכער פון דעם זעלבן מחבר

### דערשינען:

שטערן אויפן דאַך.

לאַמטערן אין ווינט.

חומש־לידער (ערשטע און צווייטע אויפלאַגע)

פעלקער זינגען.

מגילה־לידער.

וועלוול זבאַרזשער שרייבט בריוו צו מלכה׳לע דער שיינער.

### אין מאַנוסקריפט:

אונזער פאַנטעאָן (טיפן פון דער עלטערער יידישער ליטעראַטור)

פעלקער זינגען, (II באַנד)

האָצמאַך־שפיל (לויט גאָלדפאַדנס »כישוף־מאַכערין«)